ד״ר יצחק שיפּער.

# אנהויב פון קאפּיטאליזם ביי יודען

## איז מערב-אייראפּע

געשריבען אין דער דייטשער שפּראַך

יודיש — דורך הלל מיימון.





דער יודישער האנדעל און וואנדעל אין די צייטען פון מיטעלאלטער איז נאך אלץ אן ענין, וואס איז זעהר נישט קלאר.

ס'רוב האט מען א פאלשע השגה וועגען דעם ווירטשאפטליכען כאראקטער פונ'ם יודישען פאלק אין אנהויב מיטעלאלטער: מען בענוגענט זיך מיט'ן נוסח, וועלכער שטאמט פון אן אויבערפלעכליכער פארשונג, אז די יודען זענען די „יורשים פון די פעניציער"—און פטור. אבער ווען און צוליב וועלכע ווירטשאפטליכע און פאקטישע אומשטענדען זענען די יודען געווארען א האנדעלס-פאלק—וועגען דעם זענען פאראן די פארשידענסטע השערות. נאר קיין איינע פון די דאזיגע השערות איז לויט מיין מיינונג נישט צוגעטראפען.

דעסגלייכען זענען פאראן חילוקי-דעות, וואס אנבעלאנגט די בעדייטונג פונ'ם יודישען האנדעל אין מיטעלאלטער. א טייל (ווי קארל ביכער) לייקענען אינגאנצען, אז עס זאל זיין געווען א יודישער גרויס-האנדעל; אנדערע ווייסען צו דערציילען וועגען דעם גאר ווייניג. די איינציגע, מער טיפערע אפהאנדלונג פון וו. ראשער („די יודען, בעטראכט פונ'ם שטאנדפונקט פון דער האנדעלס-פאליטיק אין מיטעלאלטער") איז אויפגעבויט בלויז אויף דער שיטה פון ברענגען ראיות דורך גזרה-שווה'ס (פער אנאלאגיאם), און זי האט דעם גרויסען חסרון, וואס הגם זי ענטהאלט וויכטיגע געדאנקען וועגען דעם ארויסשטויסען די יודען פונ'ם האנדעל, ברענגט זי אבער נישט קיין שום פאזיטיווע בעווייזען, אז די יודען האבען פאקטיש געטריבען א ברייטען האנדעל אין אנהויב מיטעלאלטער. אנדערע מחברים, ווי הייד, העניגער, פיגאנא, מ. גומפלאוויטש, בענוגענען זיך מיט איינצעלנע ידיעות וועגען דעם: אבער גענויער כאראקטעריזירען דעם יודישען האנדעל אין גלות און פעסטשטעלען זיינע צוזאמענהאנגען—דאס לאזען זיי דורך.

וועגען דער יודישער וואָכעריי האָט מען אַפילו אַסך געשריבען, אָבער עגטוועדער דאָס איז געשעהן אויפ'ן שטייגער פֿון יודישע טעאָלאָגען, וועלכע האָבען דעם עצם ענין פֿון דער יודישער וואָכעריי אַרומגערעדט גאָר קנאַפּ און האָבען דער-עיקר געזוכט אויסצווייזען, אַז אויך גויים האָבען זיך מיט וואָכעריי פֿאַרנומען, — אָדער אויפ'ן שטייגער פֿון אַזעלכע פֿאָרשער מופלגים (ווי שטאָבע, שערער) וועלכע האָבען אמת גרונטליך באַטראַכט די יורידישע רעגולירונג פֿון דער יודישער וואָכעריי, אָבער דערפֿאַר האָבען זיי כמעט לגמרי זיך נישט אינטערעסירט מיט איר ווירטשאַפֿטליכער בעדייטונג. ווידער אַנדערע שרייבער, ווי דעפינג, העניגער, גאָלדשמיט, ליבע, האָבען פּובליקירט ידיעות; ס'רוב קנאַפּע און אָפֿט אָהן צוזאַמענהאַנג, איבער יודישע קרעדיט-געשעפֿטען, אָבער זיי האָבען קוים ווען-עס-איז געוואוגענד אָנגעוויזען אויף די קולטור-צושטאַנדען פֿונ'ם אָנהויב מיטעלאַלטער, וועלכע האָבען עס געשטויסען די יודען צו מאַכען די וואָכעריי-געשעפֿטען פֿאַר זייער פּרנסה און וואָס ווייטער אַלץ מער זיך אַריינלאָזען דעריך.

דאַגעגען איז קודם-כל זייער אינטערעסאַנט די סקיצע פֿון ג. גאראָ („די יודען פֿון מיטעלאַלטער אין זייער ווירטשאַפֿטליכער טעטיגקייט”, 1904). זי איז נוגע כמעט אויסשליסליך דאָס ווירטשאַפֿטליכע לעבען פֿון די דייטשע יודען און איז אגב געבויט דערהויפּט אויף די אינהאַלטסרייכע רעגעסטען פֿון אַראָניוס'ן; נאָר די דאָזיגע קוועלע ווערט דאָרט פֿונדעסטוועגען אויסגענוצט נישט פֿולשטענדיג. אַצינד וויל איך נאָך דערמאָנען די ווייניגע שטעלען פֿון זאָמבאַרט'ס ווערק איבער'ן מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם—וואו עס ווערט בעהאַנדעלט די בעדייטונג, וואָס יודישע פֿאַרמעגענס האָבען געהאַט פֿאַר דער פֿאָרקאַפּיטאַליסטישער תקופֿה; אויך דעם אויבערפֿלעכליכען חיבור פֿון לאַזאַר פּינקוס, צונויפֿגעשטעלט אויפ'ן גרונד פֿון זאָמבאַרט'ס טעאָריע וועגען יודישען אַלט-קאַפּיטאַליזם („די מאָדערנע יודענפֿראַגע. וועגען די יסודות פֿון דער יודישער ווירטשאַפֿטס-געשיכטע און פֿונ'ם ציוניזם”)—און מיר דאַכט זיך, אַז מיר זענען כמעט ווי פֿאַרטיג מיט דער גאַנצער ליטעראַטור, וואָס איז אונז דאָ נוגע.

דאָס וואָס דער לעזער געפֿינט דאָ ווייטער, האָט דעם צוועק צו דערגענצען די ידיעה, וואָס מען דאַרף האָבען וועגען דער מיטעלאַלטערליכער יודישער ווירטשאַפֿטס-געשיכטע, דורך עטליכע פֿון די קוועלען אַרויסגענומענע קאַפּיטלען.

---

# I. איינלייטונג.

## די טעאָריע פֿונ'ם יודישען „אַלטקאַפּיטאַליזם".

אין זיין ווערק „דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם" האָט ווערנער זאָמבאַרט גענוי און קלאָר אָבגעשאַצט די בעדייטונג, וואָס די יודישע קאַפּיטאַלען האָבען געהאַט פֿאַר דעם ווירטשאַפֿטס-לעבען פֿון מיטעלאַלטער.

די האַרבסטע און אגב די וויכטיגסטע פֿראַגע, וואָס שטעלט זיך דערביי, איז: פֿון וואַנען האָבען זיך לכתחילה גענומען די פֿאַרמעגענס פֿון די יודישע נגידים אין מיטעלאַלטער. ווי אַזוי, אויף וועלכען יסוד האָבען זיך עס געשאַפֿען פֿאַרמעגענס ביי די מיטעלאַלטערליכע יודען?

די פֿאַרענטפֿערונג פֿון דער דאָזיגער פֿראַגע האָט נאָך בעזונדערס אַ גרויסען אינטערעס, וויל כמעט באַלד נאָך דער פֿעלקער-וואַנדערונג זעהען מיר, ווי אומעטום אין אייראָפּע בעווייזען זיך יודישע קאַפּיטאַלען אין אַזאַ מענגע, אַז מען ווערט פֿאַרהידושט.

זאָמבאַרט קומט מיט אַזאַ השערה, כדי צו פֿאַרענטפֿערן די פֿראַגע, ווי אַזוי האָבען זיך געשאַפֿען די פֿאַרמעגענס ביי די מיטעלאַלטערליכע יודען: „מן הסתם—זאָגט ער—האָט אַ גרויסער טייל פֿון די פֿאַרמעגליכע יודען, וועלכע מיר בעגעגענען **אומעטום** אין דער רוימישער אימפּעריע אין אירע לעצטע צייטען, מציל געווען פֿון דער פֿאַרזינקענדער אַלטער וועלט דאָס האָב און גוטס אין גאָלד, צירונג און טייערע כלים, און געבליבען ביי דעם אין אָנהויב פֿונ'ם מיטעלאַלטער"[1]).

וואָס פֿאַר אַ וויכטיגקייט עס האָט די דאָזיגע טעאָריע וועגען יודישען אַלט-קאַפּיטאַליזם, בעווייזט דייטליך דער חיבור פֿון לאַזאַר פינקוס, וועלכער איז אויפֿגעבויט אויף איר: „די מאָדערנע יודענפֿראַגע" (1903).

נאָך לאָמיר נענטער בעטראַכטען די טעאָריע פֿון אַלט-קאַפּיטאַליזם און לאָמיר זעהן, ווי ווייט אויסהאַלטעוודיג זי איז.

זאָמבאַרט'ס השערה שטייט אין אַ אינערליכען צוזאַמענהאַנג מיט די מעטאָדען, וועלכע זענען בפּרטיות אַרומגערעדט אין זיין „מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם", לויט וועלכע עס איז פֿאָרגעקומען די אַקומולאַציע (אָנזאַמלונג) פֿון פֿאַרמעגענס אינ'ם מיטעלאַלטער. זאָמבאַרט האַלט, אַז דאָס עשירות פֿון די שטאָט-לייט האָט זיך גענומען פֿון די אָנגעזאַמעלטע הכנסות פֿונ'ם ערד-אייגענטום (אַקומולירטע לאַנד-רענטע), וואָס זענען מיט דער צייט געבראַכט גע-

וואָרען אין די שטעט אַריין דורך די קינדער פֿון די לאַנד־איינגעזעסענער, וועלכע זענען צוזאַמען מיט די קינדער פֿון די רעגירונגס־לייט צונויפֿגעשמאָלצען געוואָרען אין איין פּאַטריציערקלאַס (אַריסטאָקראַטיע). אַזוי אַרום מוז שוין זאָמבאַרט ממילא פֿונאַנדערטיילען די יודען און קריסטען. ווייל פֿון איין זייט האָבען די יודען אין אָנהויב פֿון דער פֿעאָדאַלער אָרדנונג געמעגט ווערען בעל־הבתים איבער לאַנד בלויז אין זייער זעלטענע פֿאַלען; פֿון דער אַנדער זייט קאָן ווידער נישט געבראַכט ווערען קיין שום בעוויז, אַז אין אָנהויב פֿון מיטעלאַלטער איז פֿאָרגעקומען אַן אַסימילאַציע פֿון די יודען. דאַרף אויסקומען, על פּי זאָמבאַרט׳ן, אַז אויב פֿון 11־טען יאָרהונדערט אָן געפֿינט מען אין די שטעט זייער רייכע יודען, איז דער נאָהענטסטער מקור פֿאַר זייער רייכטום געוועזען בלויז דער האַנדעל. זאָמבאַרט קאָן אָבער אויף דער דאָזיגער סברה נישט איינגיין; און דערביי איז ער טאַקי זייער קאָנסעקווענט, ער גייט לשיטתו בנוגע די פֿראַגע וועגען דער ענטשטייהונג פֿונ׳ם קאַפּיטאַליזם; ווייל קודם־כל איז ער אַ געגנער פֿון דער אָנגענומענער קאָנצעפּציע, אַז דער נאָרמאַלער שטייגער פֿון דער לכתחילה׳דיגער אַקומולאַציע (די גאָר ערשטע אָנזאַמלונג פֿון קאַפּיטאַלען) איז בעשטאַנען דערין, וואָס עס האָבען זיך געשאַפֿען גרעסערע פֿאַרמעגענס דורך אָנזאַמלונג פֿון האַנדעלס־רווחים. „דאָס וואָלט געהייסען גלויבען אין ניסים—זאָגט זאָמבאַרט[2])—ווען מען וואָלט אָנגעמען, אַז די רייכע לייט, וועלכע מיר בעגעגענען אין אָנהויב מיטעלאַלטער אין די מערב־אייראָפּעאישע שטעט, זענען אַרויסגעקומען פֿון דער מחנה קליינע מערקאַטאָרען (הענדלער), דורך וועלכע די דאָזיגע שטעט זענען בעוואוינט געוועזען אין פֿאַרלויף פֿון די ערשטע יאָרהונדערטער פֿון זייער עקזיסטענץ”.

כדי בכן אויסצומיידען די טענה, אַז די יודען האָבען צונויפֿגעמאַכט זייערע גרויסע קאַפּיטאַלען דורך האַנדעל, בויט עס אויף זאָמבאַרט די דערמאָנטע השערה, ווי אַזוי עס האָבען זיך געשאַפֿען די פֿאַרמעגענס פֿון די יודען.—

איידער מיר וועלען זיך אַרויסזאָגען פֿאַר אָדער געגען די דאָזיגע היפּאָטעזע, מוזען פֿאַרענטפֿערט ווערען אָטאָ די פֿראַגען:

א) צי איז אָביעקטיוו מעגליך געווען, אַז צום סוף פֿונ׳ם אַלטערטום זאָלען זיך געפֿינען אין די הענר פֿון די יודען גרעסערע פֿאַרמעגענס. און אַפֿילו ווען דאָס זאָל יאָ דערוויזען ווערען, שטעלט זיך די קשיא: צי קאָנען די דאָזיגע פֿאַרמעגענס האָבען אַ שייכות אויך צו די יודען, וועלכע האָבען שפּעטער געלעבט אין די גערמאַנישע מלוכות?

ב) וואָס איז געווען דער יסוד פֿונ׳ם יודישען האַנדעל אין די ערשטע צייטען פֿונ׳ם מיטעלאַלטער?

ג) צי זענען די יודישע סוחרים פֿון די ערשטע צייטען פֿון מיטעלאַלטער געווען אויסשליסליך בלויז קליינע מערקאַטאַ-רען, וועלכע האָבען געטריבען דער-עיקר אַ צווישען-האַנדעל? אָ-דער זיי האָבען אויך געפֿירט גרויסע געשעפֿטען, וועלכע זענען מיט׳ן אייראָפּעאישען האַנדעל נישט בעגרענעצט געווען? צי איז בכן געווען די אָביעקטיווע מעגליכקייט, אַז דער יודישער האַנדעל אין די ערשטע צייטען פֿון מיטעלאַלטער זאָל האָבען הויכע רווחים?

---

## II. די אייַנטיילונג פֿון די יודישע פֿאַרמעגענס צום סוף פֿונ׳ם אלטערטום.

פֿאַר אונזער צוועק איז גענוג אָנצוהויבען אונזער היסטאָ-רישען איבערבליק ביים יאָר 70 פֿון דער אייראָפּעאישער צייט-רעכנונג, דאָס הייסט ביים יאָר פֿון חורבן בית שני און פֿונ׳ם אונטערגאַנג פֿון דער יודישער מלוכה. ווי האָט אויסגעזעהן די ווירטשאַפֿטליכע טעטיגקייט פֿון די יודען אין ארץ-ישראל און אין חוץ-לארץ, אין און אויסערהאַלב פֿון פּאַלעסטינע?

מיר טאָרען נישט מיינען, אַז נאָכ׳ן חורבן זענען די יודען אין ארץ-ישראל פֿולשטענדיג פֿאַראָרימט געוואָרען. די עקאָנאָמי-שע רעזולטאַטען, צו וועלכע עס האָבען דערפֿירט אַדריינוס׳עס גזרות, דער דערשטיקטער אויפֿשטאַנד פֿון די יודען אונטער בר-כוכבא׳ן (132—135), האָבען אַלענפֿאַלס לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. נאַטירליך, נאָך די מורא׳דיגע חורבנות פֿון ירושלים און פֿון ביתר איז די ווירטשאַפֿטליכע טעטיגקייט פֿון די יודען אין ארץ-ישראל געפֿאַלען אויף אַ געוויסע צייט. אָבער פּאַמעליך איז דאָס פֿאָלק צו זיך גע-קומען און האָט אין דער שלום-צייט ענטוויקעלט זיין ווירטשאַפֿט-ליכע טעטיגקייט דער-עיקר אין צוויי ריכטונגען: לאַנד-ווירטשאַפֿט און האַנדווערקעריי. דער האַנדעל פֿון די פּאַלעסטינער יודען און זייערע געלט-געשעפֿטען קענען אויפֿגעוויזען ווערען בלויז „אין בעשיידענע גרענעצען" [3]. אָבער אַז אַ סך יודען אין פּאַלעסטינע האָ-בען אין די שלום-יאָרען זיך פֿאַרשאַפֿט פֿאַרמעגענס, דאָס זעהט מען אַרויס דערפֿון, וואָס די תנאים אין יענער צייט האָט זיך גאָר גוט גע-לעבט און אַ סך פֿון זיי האָבען געפֿירט אַ לעבען אין גרויס עשירות. ר׳ יהודה הנשיא („רבי"—2-טע העלפֿט פֿון 2-טען יאָרהונדערט) איז

געוועזן אַזאַ אויסערגעוויינליכער עושר, אַז וועגן אים איז אַרומ־געגאַנגען אַ ווערטעל: „זיינע פיה־שטאַלען בעטרעפען מער ווי די שאַץ־קאַמערן פונ׳ם פערסישען מלך״ [4]. בעוואוסט זענען אויך געוועזן די גרויסע אוצרות פון זיין אייניקעל ר׳ יהודה נשיאה [5]. איז דאָך אַ געוויסע צייט צווישען די יודען אין ארץ־ישראל אָנ־געגאַנגען פשוטו כמשמעו אַ האַנדעל מיט תורה־שטעלעס, צו וועל־כע מען האָט געקענט צוקומען מיט „זילבערנע און גילדערנע גע־צען״ [6]. דערפאַר ווייזט זיך נאָך שאַרפער אַרויס די איבערקערע־ניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין פאַלעסטינע נאָך דער טיילונג פון דער רוימישער אימפעריע אויף אַ מערב׳דיגע און אַ מזרח׳דיגע. אויף די יודען אין ארץ־ישראל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ דרוק פון שטייערן נישט צו דערטראָגען, אין דער פאָרם פון צושטע־לען תבואה און בהמות, קאָפּ־שטייער, פאַרמעגענס־שטייער, און דאָס האָט געמאַכט ביי זיי אַזאַ דלות, אז אין 4־טען יאָרהונדערט זענען שוין די נשיאים נישט געוועזן מער אימשטאַנד צו ערפילען זייער אַמט מיט אייגענע מיטלען און זיי האָבען זיך געמוזט ווענדען צו די אויסווערטיגע קהילות נאָך אונטערשטיצונג [7]. דער דרוק פון די שטייערן האָט אפילו אַרויסגערופען אַן אויפשטאַנד פון די יודען (352); נאָר ווען דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרען, זענען באַלד צונויפגעשטעלט געוואָרען נייע שאַצונגס־רשימות, וועלכע האָ־בען נאָך די שטייערן פאַרגרעסערט [8]. די אָרימקייט פון די יודען אין פאַלעסטינע צום סוף פון 4־טען יאָרהונדערט ווערט כאַראַק־טעריזירט דערמיט, וואָס דער לימוד התורה איז געפאַלען. „אין דער פריערדיגער צייט, ווען דאָס געלט איז נאָך געוועזן בשפע,— זאָגט אַ בעל־אגדה פון יענער צייט—האָט מען זיך אָפּגעגעבען מיט דער הלכה; אָבער איצט, ווען דאָס געלט איז זעלטען געוואָרען און מען פילט זיך שוואַך פאַר צרות, קוקט מען אויס בלויז אויף די ברכה און טרייסט־ווערטער [9].

אַנדערש איז געוועזן אין דערזעלבער צייט ווייטער צו מזרח־צו, אין בבל. דאָ האָט געבליהט ממש אַ יודישע מלוכה, וואָס איר עפענטליכער פאָרשטייער איז געוועזן דער ריש־גלותא. די בעשעפטיגונג פון די יהודי־בבל איז געוועזן דערהויפּט לאַנד־ווירטשאַפט און אַלערהאַנד מלאכה׳ס. אזוי ווי דעמאָלט זענען נאָך געוועזן אין דער געגענד פון טייך פרת אַ סך פרייע שטיקער לאַנד, וועלכע האָבען נישט געהאַט קיין בעל־הבתים, האָט יעדער איינער, וואָס האָט זיך פאַרפליכטעט צו צאָלען דערפון ערד־שטיי־ער, געמעגט ווערען דער אייגענטימער פון שטיקער לאַנד[10].

אַנדערע יודען פון בבל האָבען זיך ווידער פאַרשאַפט גרויסע פאַרמעגענס דורך גרויס-קאַפּיטאַליסטישע געלד-געשעפטען, ווי די צאָל-פּאַכטען[11]. פון די רייכע בבל'ישע יודען ווערען ביי געלע-גענהייט דערמאָנט: חמא בר עקילאי (סוף פון 3-טען יאָרהונדערט), ר' הונא דער ראש-ישיבה אין סורא, וואָס זיינע סטאַדעס האָבען זיך געפיטערט אין די סטעפעס פון דרום-בבל, דער בעריהמטער אמורא רבא (4-טער יאָרהונדערט) און אַ סך אַנדערע. די רייכע יודען האָבען דאָ געבילדעט געוויסערמאַסען אַן אייגענע קאַסטע, אַ פּאַטריציער-קלאַס[12].

און ווי האָט עס געהאַלטען מיט די יודען, וואָס זענען צעשפּרייט געווען אין מערב-זייט פון ארץ-ישראל?

עס קאָן נישט דערוויזען ווערען דורך בפירושע ראיות, אַז די יודישע אויסוואַנדערער זענען געווען דער-עיקר סוחרים, הענ-דלער[18]. לגמרי קרום איז קיסעלבאַך'ס השערה, אַז די יודען האָ-בען גאָר בעצייטענס פאַרנומען דאָס אָרט און די ראָליע פון די פעניציער, דערמיט וואָס זיי האָבען, נישט בלויז צווישען די רוי-מער דערהאַלטען דעם סוחרישען צוזאַמענהאַנג פון דער אַלטער וועלט, נאָר זיי האָבען אויך אַהינגעבראַכט די ערשטע פאַרצווייּ-גונגען פון די אַזיאַטישע האַנדעלס-בעציהונגען אין דאָס לאַנד-ווירטשאַפטליכע לעבען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין צענטראַל-אייראָפּע[14]. קיסעלבאַך וויל דערווייזען די דאָזיגע סברה דורך דאָקומענטען, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגען „סירישע סוחרים". אָבער די דאָזיגע סירישע סוחרים זענען לגמרי נישט אַלץ איינס וואָס די יודען. די סיריער (negotiatores syrici) זענען פאַק-טיש געווען נאָך ביז'ן סוף פון 7-טען יאָרהונדערט[15]) דער איינ-ציגער סוחרים-שטאַנד, וועגען וועלכען עס לאָזט זיך זאָגען, אַז ער איז געווען דאָס רינגעלע, וואָס האָט צונויפגעבונדען אַזיען מיט אייראָפּע. „ביז היינט לעבט ביי די סיריער אַזאַ איינגעבוירענער ברען צום מסחר—זאָגט מאַרציאַן אין איין אָרט אין זיינע ער-קלערונגען צום ספר יחזקאל[16]),—אַז לשם פאַרדינסט פאָרען די דורך די גאַנצע וועלט; און דער חשק צו האַנדלען איז ביי זיי אַזוי גרויס, אַז אומעטום אין דער רוימישער מלוכה, צווישען מלחמות, מאָרדען און טויט-קלעפּ, קלערען זיי פון אָנשאַרען געלד". די דאָזיגע ווערטער קאָנען בלויז דינען אַלס יסוד צו שאַ-פען זיך אַ בעגריף וועגען דער האַנדעלס-טעטיגקייט פון די „נע-גאָציאַטאָרעס סיריצי", אָבער נישט וועגען דעם, אַז די יודען „האָ-[illegible]ערגענומען פון די פעניציער דעם קאַפּי-

טאַליזם". קיין ספּעציעלע ליבע צו יענער האַנדעלס-פּרנסה, וועלכע לעבט נישט פֿונ'ם אומזאַץ פֿון אייגענער אַרבייט, נאָר פֿונ'ם אומזאַץ פֿון פֿרעמדער אַרבייט—זאָגט פֿראַנץ דעליטש[17]) — ווייזט זיך אין ערגעץ נישט אַרויס ביים יודישען פֿאָלק, ווען מיר קוקען פֿון 1-טען קריסטליכען יאָרהונדערט אויף צוריק ווי ווייט עס לאָזט זיך נאָר און אויף אַן ערך אַ האַלב יאָרהונדערט פֿאָרויס". די ליבע פֿון יודען צו לאַנדווירטשאַפֿט בעווייזט צווישען אַנדערעס דאָס ווערטעל פֿונ'ם גרויסען אמורא רב (ערשטע העלפֿט פֿון 3-טען יאָרהונדערט): „בעסער אַ קליינע מאָס פֿעלד, איידער אַ גרויסע מאָס פֿון אַ לאַגער סחורה"[18]). רעזיומירענדיג דעם רעזולטאַט פֿון גרונדליכע פֿאָרשונגען, זאָגט וועגען די יודען פֿונ'ם אַלטערטום דער בעריהמטער פֿאָרשער פֿון האַנדעלס-רעכט ל. גאָלדשמידט: „אַ האַנדעלס-פֿאָלק איז דאָס יודישע פֿאָלק (אינ'ם אַלטערטום) נישט געווען[19]). אָבער דאָס וואָס הערצפֿעלד וויס צו זאָגען אין זיין האַנדעלס-געשיכטע פֿון די יודען אינ'ם אַלטערטום וועגען דעם האַנדעל פֿון די יודען, וועלכע האָבען זיך צעשפּרייט נאָכ'ן אונטערגאַנג פֿון דער יודישער מלוכה אין דרום-איידאָפּע און עגיפּטען — איז גרעסטענטיילס השערות, וועלכע זענען געבויט דערויף, וואָס אין די לענדער, וואו די יודען האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען, האָט געבליהט אַ האַנדעל און מן-הסתם האָבען אויך יודען מיט האַנדעל זיך אָפּגעגעבען. אויפֿווייזען אַ בעשטימטע האַנדעלס-ריכטונג אין דער עקאָנאָמישער טעטיגקייט פֿון די יודען צום סוף פֿונ'ם אַלטערטום —איז נישט מעגליך. אין דער רוימישער אימפּעריע האָבען די יודען אין ערגיץ נישט געבילדעט קיין קלאַס, וואָס זאָל זיין ווירטשאַפֿטליך אַנדערש פֿון דער איבריגער בעפֿעלקערונג, אַזוי ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל אין מיטעלאַלטער. וואו עס האָט זיך בעלאָזט, האָבען זיי זיך אָפּגעגעבען מיט דער בעשעפֿטיגונג, וואָס איז צו זיי אַריבער געוויסערמאָסען בירושה, מיט לאַנדווירטשאַפֿט—אָדער זיי האָבען זיך בעטייליגט אין די אינדוסטריען, וואָס זענען איינגעפֿירט געווען אינ'ם לאַנד.

בלויז ביי די יודען אין אַלעסנדריא געפֿינט מען, אז אינ'ם אַלטערטום האָבען זיי זיך מער לעבהאַפֿט בעטייליגט אין האַנדעל און אין געלד-געשעפֿטען. אַזוי דערמאָנט פֿילון האַלכסנדרוני[20]) בפירוש בעל-הבתים פֿון שיפֿען און גרויסע סוחרים צווישען די דאָרטיגע יודען. מיט ערלויבניש פֿון דער עגיפּטישער רעגירונג זענען זיי צוגעלאָזט געוואָרען צו אַמטען, ווי די קאָרן-פֿערוואַלטונג, וואָס עס איז אַ סימן, אַז עס זענען בעוועזן געניטע יודישע

קאָרן-הענדלער. זיי האָבען אויך געהאַט אַ געוויסע אויפזיכט אי-בער די שיפערייי אויפ'ן ים און אויף די טייכען[21]. אַ גרויסען טייל פון זייער פאַרמעגען האָבען די אַלעקסאַנדרינישע יודען זיך פאַרשאַפט דערהויפּט דורך אַרענדע פון צאָל. אַזוי דערציילט יוסי-פון[22], אַז אַ יודישער אַרענדאַר פון שטייערן האָט אָנגעטרויט אַ געוויסען אַריאַן 3000 טאַלאַנטען. בעזונדערס רייך זענען געווען די יודישע פאַרשטייער אין אַלעקסאַנדריע, די אַלאַבאַרכען. דער אַלאַבאַרך אַלכסנדר האָט געגעבען דעם מלך אַגריפּוס אַ הלוואה פון 200,000 דראַכמען[23]: דערזעלבער איז אויך געווען געשעפטס-פירער ביי דער מוטער פונ'ם קיסר קלודיוס[24]. זעהר רייך איז אויך געווען דער אַלאַבאַרך דעמעטריוס[25]. אין ברית-חדשה, אין דער אַפּאָסטאָלען-געשיכטע, ווערט דערמאָנט אַן אַלעקסאַנדרינישער יוד אַלס שאַצמייסטער פון דער עטיאָפּישער מלכה קאַנדאַקע[26].

נאָר די בלוטיגע רדיפות, וואָס די אַלעקסאַנדרינישע יודען האָבען געהאַט אַ סך מאָל אויסצושטיין, בעזונדערס די רדיפות אין יאָר 116 ביז 117, ווען זיי זענען כמעט אינגאַנצען אויסגעראָט גע-וואָרען[27], האָבען אויף אַ לאַנגע צייט פּאַראַליזירט זייער ווירט-שאַפטליכע טעטיגקייט. זינט דער שחיטה פון יאָר 117 גייען אַוועק מער פון צוויי יאָרהונדערטען, וואָס מען הערט גאָרנישט וועגען די יודען אין אַלכסנדריה של מצרים — אַ סימן אַז זייער בעדיי-טונג איז גאָר טיף געפאַלען. ערשט אַרום דאָס יאָר 390 בעווייזען זיי זיך ווידער אין די היסטאָרישע קוועלען, דהיינו: פונ'ם דאָזיגען יאָר איז פאַראַן אַ געזעץ פון קיסר טעאָדאָסיוס, וועלכעס רעגולירט די ענינים פון אַ יודישער שיפער-חברה אין אַלעקסאַנדריע, נאָר מען קאָן פון דעם אויף ריכטיג נישט וויסען, צי האָט עס געזאָלט זיין פאַר זיי גינסטיג אָדער נישט[28]. אַן ערך אין 415 זענען אַלע יודישע איינוואוינער האַלב נאַקעט פאַר-טריבען געוואָרען פון אַלעקסאַנדריע; זייער פערמעגען איז דורך דעם המון צעראַבירט געוואָרען[29]. וואוהין זענען אַוועק די פערטריבענע אַלעקסאַנדרינישע יודען, וועלכע זענען אַמאָל ווייט בעוואוסט געווען דורך זייער גלאַנץ און עשירות, און ביי וועלכער געלעגענהייט האָבען די זיך אומגעקערט צוריק — וועגען דעם שווייגען די קוועלען.

וואָס אָנבעלאַנגט די ווירטשאַפטליכע טעטיגקייט פון די יו-דען, וואָס האָבען געוואוינט אין גריכענלאַנד, אויפ'ן קאָנטי-נענט און אויף דער מענגע אינזלען, קען מען אויף בעשטימט נישט זאָגען, וואָס פאַר אַ ריכטונג זי האָט אָנגענומען. פון השערות

וועלען מיר זיך ליבערשט אָבהאַלטען. דאָס איז אָבער זיכער, אַז אין אָנהויב מיטעלאַלטער און אויך שפּעטער-אַהין האָבען די גריכישע יודען זיך פאַרנומען נישט מיט האַנדעל, נאָר זייערע וויכטיגסטע פּרנסות זענען געווען: לאַנדווירטשאַפט, בינען-צוכט און זיידען-שפּינערייי [30]). איבערהויפּט איז אין דער ביזאַנטינישער מלוכה געווען גאָר קנאַפּ אָרט פאַר אַ יודישען האַנדעל, בפרט אַז די ביזאַנטינישע קיסריים האָבען גענומען דעם האַנדעל מיט די אייגענטליכע מאַסען-סחורות ווי זייד, ־ווײַן, אייל, קאָרן און אַלע אַנדערע לעבענסמיטלען און געמאַכט עס פאַר אַ קייזערליכען מאָנאָפּאָל[31]).

זוכען מיר אָצינד די שפּורען פון יודישע קהילות ווייטער אין מערב-זייט פון אייראָפּע, קומען מיר צו דער-עיקר צו איטאַליע. פון דאַנען האָט זיך עס פונאַנדערגעאָסען דער שטראָם יודישע וואַנדערער קיין שפּאַניען, גאַליען און גערמאַניען. דערום מוז די געגויערע פאָרשונג איבער דעם פאַרמעגענס-צושטאַנד פון די איטאַליענישע יודען קלאָר מאַכען די פראַגע וועגען דער מעגליכקייט, אַז יודישע קאַפּיטאַלען זאָלען האָבען אַריבערגעגאַנגען פון דער פאַרזינקענדער אַלטער וועלט אין מיטעלאַלטער אַריין.

געוויינליך נעמט מען מיט אַ גזרה-שווה און מען כאַראַקטעריזירט די יודען אין דער מערב'דיגער רוימישער אימפּעריע אַלס די פּיאָנערען פון יענער ברייטער געלד-ווירטשאַפט, וועלכע איז דאָ אַנטוויקעלט געווען עטליכע יאָרהונדערטער פאַר דער פעלקער-וואַנדערונג. אָבער די קוועלען, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז, גיבען לגמרי נישט קיין גרונד פאַר דער דאָזיגער מיינונג. די סאָציאַלע לאַגע פון די יודען אין איטאַליען איז געווען אין אַלגעמיין שטאַרק נישט קיין גינסטיגע. מאַטעריעל עקספּלואַטירט דורך דעם ספּעציעלען יודישען שטייער (פיסקוס יודאַאיקוס), וואָס מען האָט ביי זיי גענומען אין אַ הויכער מאָס, אַראָבגעדריקט אין נאָך אַנ'ערגערע מאַטעריעלע לאַגע דורך אַ גרויסע צאָל פריש אָנגעקומענע, ס'רוב אָהן עקזיסטענץ-מיטלען, האָבען די יודען אין רוים געבילדעט אַ צאָלרייכען פּראָלעטאַריאַט. אַ גרויסער טייל האָט געלעבט אין דחקות און גויט פונ'ם סאַמע שלעפּערישען הויזירער-האַנדעל. „פאַר די יודען — שפּעט-אַב יובענאַל[32]) — איז אַ בינטעל היי און אַ קיישעל די גאַנצע ווירטשאַפט". עגליך קלינגט מאַרציאַל'ס אַ סאַטירע[33]): „עס בעטעלט דער העברעער און עס רוהט נישט דאָס טרערענדיגע אויג, וואָס מסחר'ט מיט שוועבעל-העלצלעך". אַסך רוימישע יודען האָבען זיך געמאַכט פאַר אַ פּרנסה וואָרזאָגערײַ

און פּותר-חלומות זיין, אַ העכערע פאָרם פון קריכערישער בעטלעריי; יובענאַל[34]) זידעלט דערפאַר די יודען אָהן אַ שיעור.

אין רוים איז דער קליין-האַנדעל געלעגען דערהויפּט אין די הענד פון די פריי-געלאָזטע, געוועזענע שקלאַפען, און הערצפעלד דריגגט דערפון, אַז מיט'ן דאָזיגען האַנדעל האָבען זיך פערנומען די יודען, וואָס האָבען געוואוינט אין דעם קוואַרטאַל „אויף יענער זייט טיבער"[35]); די זענען טאַקי לכתחילה געבראַכט געוואָרען קיין רוים אַלס קריגס-געפאַנגענע און דערנאָך זענען זיי מאַסענווייז אָבגעלאָזט געוואָרען פריי. פונדעסטוועגען דאַכט זיך אונז, אַז די דאָזיגע השערה איז נישט איינגאַנצען צוגעטראָפען, ווייל ס'איז בעוואוסט, אַז אינ'ם יודען-קוואַרטאַל אויף יענער זייט טיבער האָבען זיך געפונען וואַרשטאַטען און פאַבריקלעך, ווי גאַרבערייען, זאַלבען-פאַבריקען[36]) א. דגל. פון וואָס מען קאָן דרינגען, אַז די יודישע ליבערטיני (פריי-געלאָזטע) האָבען זיך פערנומען מיט יענע מלאכות, וועלכע מען האָט אין צענטער פון שטאָט נישט דערלאָזט. עס דאַרף נאָך אָנגעוויזען ווערען אויף עטליכע אויפשריפטען, וואָס מען האָט געפונען אויף די יודישע בית-עלמינס אין רוים, וועלכע שטאַמען פון דער שפּעטערדיגער רוימער-צייט און אין וועלכע עטליכע יודען ווערען אָנגערופען אַלס האַנדווערקער[37]). אַנדערשוואו ווידער ווערען דערמאָנט יודישע קצבים, שניידער, שמידערס[38]).

אמת, איין קוועלע דערמאָנט אונז[39]), אַז עטליכע רייכערע יודען אין רוים האָבען זיך פערנומען מיט האַנדעל; אָבער פונדעסטוועגען לאָזט זיך שווערליך אָננעמען, אַז דער דאָזיגער האַנדעל זאָל האָבען געהאַט עפּעס אַ שטאַרקערע ממשות; בפרט אַז די טירער און מן-הסתם אויך די אַלעקסאַנדרינישע יודען זענען עס געוועזען די, וואָס האָבען צוגעשטעלט קיין רוים די לוקסוס-אַרטיקלען פונ'ם מזרח-לאַנד. ענדליך קאָן מען דרינגען שוין דערפון אַליין, וואָס די אַלעקסאַנדרינישע יודען — ווי ס'איז פריהער דערמאָנט — זענען געוועזען די געשעפטס-פירער פון אָנגעהעריגע צו דער קייזערליכער פאַמיליע, אַז מען האָט נישט וואָס צו בויען קיין השערות וועגען גרעסערע קאַפּיטאַל-פערמעגענס ביי די רוימישע יודען.

אויך די יודען, וואָס זענען געוועזען אין שפּאַניען און אין דער פּראָווינץ ג ע ר מ אַ נ י אַ אין דער שפּעטערדיגער קייזער-צייט, דאַרפען לגמרי נישט בעטראַכט ווערען אַלס קאָלאָניסטען פון יודישע

ביי אַ געוויסען ענין ווערען דערמאָנט אין טעאָדאָריק'ס קאָ-
דעקס (XII ,1,157-158) יודישע קוריאַלען, וועלכע האָבען געהאַט דאָס דאָזיגע אַמט אין קעלן (אין מיטען פון 4-טען יאָרהונדערט). די דאָזיגע האָבען געמוזט זיין פּאָסעסאָרען (לאַנד-אייגענטימער) —ווי ג. קאראָ איז מיט רעכט משער[40], — ווייל די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון די קוריאַלען איז געווען דאָס אויפמאָנען דעם ערד-שטייער, און אויף אַזעלכע זאַכען האָבען זיך געמויגט בלויז פּאָ-סעסאָרען.

רעזיומירען מיר אַצינד דאָס אַלץ, וואָס איז ביז אַהער גע-זאָגט, קומען מיר צו אַזאַ מסקנא:

בעת'ן צוזאַמענברוך פון דער רוימישער אימפּעריע קאָן מען געפינען גרעסערע פאַרמעגענס בלויז ביי די יודען פון וויטען מזרח, דהיינו ביי די יודען אין בבל, וועלכע זענען נתעשר געוואָ-רען דורך גרויסע לאַנד-גיטער און קאַפּיטאַליסטישע געלט-געשעפ-טען, ווי למשל אַרענדעס פון צאָל.

די פאַרמעגענס פון די אַלעקסאַנדרינישע יודען, וועלכע זענען געווען אָנגעזאַמעלט אין מסחר דורך דעם האַנדעלס-קאַפּיטאַל, זע-נען אין אָנהויב פון 5-טען יאָרהונדערט פולשטענדיג צעראַבירט געוואָרען.

ביי די מערב-רוימישע יודען, וועלכע האָבען זיך דערהויפּט פאַרנומען מיט האַנדווערקעריי און קליין-האַנדעל, קאָן מען בדרך-הטבע זיך פאָרשטעלען בלויז גאָר קליינע פאַרמעגענס. אָבער אַז דווקא די איטאַליענישע יודען זאָל עס האָבען געלונגען מציל צו זיין זייערע קליינע פאַרמעגענס בעת די שרעקליכע שטורמס און רויבערייען דורך אַלאַריך'ן (409) און נאָכדעם דורך די וואַנדאַלען (455) און בלייבען ביי זיי אין דער נייער תקופה (אויף וואָס עס איז געבויט זאָמבאַרט'ס השערה)—דאָס מוז בעטראַכט ווערען אַלס אַ זאַך, וואָס לייגט זיך שטאַרק נישט אויפ'ן שכל.

אין דער צייט ווען די פעלקער-וואַנדערונג האָט פולשטענ-דיג צעקלאַפּט דעם הויך-אַנטוויקעלטען קולטור-אָרגאַניזם פון דער מערב-רוימישער אימפּעריע, האָבען די ווירטשאַפטליכע צושטאַנ-דען אין דער מזרח-רוימישער אימפּעריע און בעזונדערס די האַנדעלס-בעציהונגען פון דער אַלטער וועלט געצויגען זיך ווײַ-טער אַן ערך פון אַ טויזענט יאָר אָן שום בעדייטענדע שינוים. אין אָנהויב פון 5-טען יאָרהונדערט ווייזט אויס, אַז די יודען פון מזרח האָבען געפירט אַ האַנדעל מיט די ברעגעס פון אינדיע, לויט ווי מען קאָן משער זיין פון אַן אָרט ביים פּאָעט קלאַודיאַן[41].

אָבער שוין אין 6-טען יאָרהונדערט האָט זיך געפונען כמעט דער גאַנצער מסחר מיט אינדיען אין די הענט פון די פערסישע און אַראַבישע סוחרים[42]). וואָס שפּעטער, ווערט אַלץ קלענער דער יודישער האַנדעל אין דער מזרח-רוימישער אימפּעריע. דאָס אויס-נאָגענדיגע פינאַנץ-סיסטעם פון די ביזאַנטינישע קיסריים האָט אים זיכער צוגעשטיקט.

וואָס אָנבעלאַנגט די פראַגע, צי זענען יודישע קאַפּיטאַלען איבערגעגאַנגען אין די ניי-געגרינדעטע מלוכות פון מערב און צענטראַל-אייראָפּע, וואָלט נאָך יאָ מעגליך זיין אַ געוויסע השערה. דהיינו, מען וואָלט אַזוי געקאָנט קלערען: נאָכדעם ווי די ביזאַנטי-נישע פּראָווינצען פּאַלעסטינע, סיריע און עגיפּטען זענען אַרונטער-געפאַלען אונטער דער ממשלה פון די אַראַבער, זענען די יודען, וואָס האָבען דאָרט געלעבט און וועלכע האָבען אונטער דער אַראַ-בישער הערשאַפט בעקומען אַ גרויסע מאָס פרייהייט, נאָכדעם ווי דער פאַנאַטיזם פון'ם יונגען איסלאַם האָט זיך געשטילט, געבליבען אפשר שטיין אין האַנדעלס-בעציהונגען מיט מערב-אייראָפּע, אפשר האָבען זיי דאָרט געגרינדעט זייערע האַנדעלס-קאָלאָניעס?

ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלט מען געקאָנט מיט אַ געוויסער בעגרינדונג משער זיין, אַז די בעוועגליכע קאַפּיטאַלען פון די מזרח-יודען, וועלכע האָבען געפירט אַ האַנדעל מיט מערב-אייראָפּע און וועלכע האָבען געוויס אַריינגעצויגען אינ'ם האַנדעל אויך די יודען, וואָס האָבען געלעבט אין מערב- און צענטראַל-אייראָפּע, זענען געווען דער יסוד, אויף וועלכען עס האָבען זיך ווייטער געשאַפען קאַפּיטאַלען ביי די מיטעלאַלטערליכע יודען אין די מערב-לענדער.

נאָר די מעשה איז, אַז די קאָמוניקאַציע צווישען דעם מזרח און דעם צפון'דיגען מערב פון'ם מיטעללענדישען ים איז שוין אינ'ם אַלטערטום שטאַרק אונטערגעגאַנגען, זינט די רעגירונג האָט זיך איבערגעקליבען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; און די נייע בעל-הבתים, די גערמאַנער, האָבען זיך ערשט געדאַרפט אויס-לערנען צו שפּירען נייע בעדערפענישען, איידער די פאַרשיטעלטע האַנדעלס-בעציהונגען האָבען געקאָנט אָפּגעפרישט ווערען צוליב דער נייער נאָכפראַגע. קומט אויס, אַזוי ווי פון איין זייט לייגט זיך זעהר נישט אויפ'ן שכל, אַז אין די לאַנדווירטשאַפטליכע גער-מאַנישע מלוכות, וואָס האָבען זיך געשאַפען אויף די חורבות פון דער מערב-רוימישער אימפּעריע, זאָלען זיין געווען אָבזאַץ-פעלע-צער פאַר מזרח'דיגע סחורות, וועלכע זאָלען האָבען צוגעצויגען די

יודען פון מזרח-לאַנד אין 5-טען און 6-טען יאָרהונדערט — אַזוי איז זיכער פון דער אַנדער זייט, אַז אין די האַנדעלס-בעציהונגען, וועלכע זענען אָנגעקניפּט געוואָרען מיט'ן מזרח זינט דעם סוף פון 6-טען יאָר-הונדערט, האָבען זיך בעטייליגט סוחרים נישט פון מזרח, נאָר פון מערב.

פאַר די יודען, וואָס האָבען געלעבט אין די גערמאַנישע מדינות, האָט בכן געמוזט זיין אַנ'אַנדער יסוד, אויף וועלכען עס האָבען זיך געשאַפען זייערע קאַפּיטאַלען.

קודם-כל וועלען מיר אין די קולטור-צושטאַנדען פונ'ם פריהסטען מיטעלאַלטער און אינ'ם מצב פון די יודען אין יענער צייט נאָכפאָרשען די וואָרצלען פון יענע קאַפּיטאַלען, וועלכע האָבען געגעבען די מערב-יודען, זינט דעם סוף פון 7-טען יאָרהונדערט, די מעגליכקייט אָנצוקניפען ברייטע האַנדעלס-בעציהונגען מיט'ן מזרח, און שפּעטער - אַהין אינ'ם 11-טען און 12-טען יאָר-הונדערט צו טרייבען, אַלס פּראָפעסיע, וואכער-געשעפטען אין גרויסען סטיל.

## III. דאָס לכתחילה'דיגע רייכטום פון די מערב-יודען.

ווען אויף דער רוימישע ערד האָבען זיך געשאַפען די ערשטע גערמאַנישע מלוכות, זענען די מערב-יודען אריינגעטרעטען אין די נייע אָרדנונג אַלס „ציוועס ראָמאַני" (רוימישע בירגער) [43] און אַזוי ווי די דייטשע פעלקער, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אויף די טעריטאָריעס, וואָס זענען בעוואוינט געווען דורך רוימער אָדער ראָמאַנער, האָבען געמאַכט מיט זיי אַ חלוקה, לויט וועלכער דער דייטש האָט בעקומען 2 דריטעל, דער רוימער 1 דריטעל פונ'ם קולטור-לאַנד[44]), האָבען אויך די יודען, וועלכע האָבען פאַר די גערמאַנער געגאָלטען אַלס רוימער, געמעגט האָבען זייער תביעה אויף דאָס קולטור-לאַנד, וואָס איז געקומען דעם רוימער צוזאַמען מיט דער העלפט פון וואַלד און קרקע-בתולה. די דאָזיגע השערה אונזערע ווערט בעשטעטיגט דורך אַ סך היסטארישע ידיעות פון דער צייט, ווען די מערב-רוימישע אימפעריע איז אונטערגע-גאַנגען און אויף דער רוימישער ערד האָבען זיך געשאַפען די גערמאַנישע מלוכות. אינ'ם שיין פון די דאָזיגע ידיעות זעהט מען דאָ די יודען דערהויפּט אַלס לאַנד-אייגענטימער.

אַז די יודישע קוריאַלען אין גערמאַניען (4־טער יאָרהונ־דערט) האָבען געמוזט זיין אָנגעזעהענע לאַנד־אייגענטימער, איז שוין פריהער בעמערקט געווען. אַנ׳ערך אין יאָר 418 שרייבט אַ בישאָף סעווערוס וועגען איינעם אַ יוד טעאָדאָרוס, וועלכער האָט בעזוכט זיינע נחלאות אויף מאַלאָרקאַ[45]). און אין שפּאַניען זענען די יודען געווען אמת׳ע תושבים. זיי האָבען געוואוינט נישט בלויז אין שטעדט. — די שטאָט גראַנאַדאַ האָט אין דער פריהערדיגער צייט געהייסען די יודען־שטאָט, דעסגלייכען די אוראַלטע שטאָט טאַראַגאָנאַ [46]) — נאָר אויך אויף דעם לאַנד, בעאַרבייט די ערד אַליין און מיט דער הילף פון שקלאַפען, פערמאָגט וויין־ און אייל־בירט־גערטנער [47]). אויך די יודען פון גאַליען האָבען אונבעגרענצט זיך פערנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. נאָהענט פון נאַרבאָנאַ איז געווען אַ באַרג, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „מאָנס יודאַ־איקוס“ [48]). דעסגלייכען ווערט דערמאָנט אַ „טעררא עברעאָרום“ (יודיש לאַנד) אין דער געגענד פון ליאָן און מאַקאָן [49]). אין די בריף פון׳ם פּויפּסט גרעגאָר I, וועלכע שטאַמען פון 4־טען יאָר־הונדערט, איז פאַרהאַן אַ רייכער מאַטעריאַל וועגען יודישע לאַנד־אייגענטימער אין לאָמבארדיען, ביי וועלכע עס האָבען געדינט אַסך קריסטען. אַזוי שרייבט איינמאָל דער דאָזיגער פּויפּסט צום בישאָף פון לונאַ (אין טאָסקאַנאַ), אַז ער וויל נישט, די קריסטליכע דאָרפס־לייט זאָלען זיין שקלאַפען פון די יודישע גוט־בעזיצער, אָבער ער איז מתיר, זיי זאָלען זיין קאָלאָנען (אויף פּאַנשציזנע) ביי די יודען [50]). פון די בריף פון׳ם זעלבען פּויפּסט ווייזט זיך אַרויס, אַז אויף די נחלאות פון דער רוימישער קירך אין סיציליען זענען געזעסען אַסך יודישע קאָלאָנען [51]). ענדליך פון די פיל פעראָרד־נונגען פון די קאָנציליען אין אָרלעאַן 538 און 541 (קאַפּיטעל 13 און 30), מאַקאָן 531 (קאַפּיטעל 16), טאָלעדאָ 589 [52]) און פון גרע־גאָר׳ס ענערגישער אַרויסטרעטונג געגען דעם וואָס יודען האַלטען קריסטליכע שקלאַפען, קאָנען מיר דרינגען, אַז אַסך יודען האָבען פאַקטיש געהאַלטען שקלאַפען אויף זייערע גיטער. וואָרן דער פאַקט גופא, וואָס דער איסור איז אַסך מאָל איבערגעחזרט געוואָ־רען, בעווייזט שוין, אַז פּראַקטיש איז ער נישט אָבגעהיט געווען; און פון דער אַנדער זייט פערמאָגען מיר ווידער בעווייזען, וועגען וועלכע מיר וועלען נאָך שפּעטער רעדען, אַז די דערמאָנטע פער־באָטען זענען נישט אָבגעהיט געוואָרען דורך יודען און אַפילו דורך קריסטליכע גייסטליכע גופא.

די לאַגע פון די יודען האָט זיך ממשות׳דיג געענדערט, ווען

די גערמאַנישע פעלקער, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען ביים אַריאַניזם, האָבען אָנגענומען דעם קאַטוילּיציזם. דורכדעם האָט זיך געשטאַרקט דער אַסימילירונגס-פּראָצעס צווישען די קריסטליכע רוימער מיט די קריסטליך-געוואָרענע גערמאַנער; דאָס רוימישע רעכט ווערט דאַן ביסלעכווייז בטל און צוזאַמען מיט דעם גייט פאַרלוירען די אידענטיפיצירונג פון די יודען מיט די „ציוועס ראָמאַני". אַזוי ווי די פאָלקס-אָדער שטאַם-געזעצען האָבען פאַר זיי נישט געגאָלטען און די רוימישע יודען-געזעצגעבונג איז געווען אַרויסגעטרעטען פון קראַפט, זענען זיי איבערגעבליבען אַלס דאָס איינציגע פרעמדע פאָלק אין די גערמאַנישע מלוכות. אויב ביז דעמאָלט האָבען די יודען געהערט צו דער מאַרק-קהילה אַלס גלייכבערעכטיגטע און דערמיט זענען זיי אויך געשיצט געווען אין זייער לאַנד-אייגענטום, איז דאָס אַצינד געגאַנגען פאַרלוירען פאַר זיי מיט'ן כסדר'דיגען אַרויסשטויסען די יודען פון דער „מאַרקאַ". דורך דער נייער אָרדנונג האָט געמוזט קומען דערצו, אַז די יודען זאָלען פאַרקויפען זייער לאַנד, און דאָס האָט איינגעבראַכט די יודען די ערשטע גרעסערע בוועגליכע פאַרמעגענס. דער דאָזיגער פּראָצעס פון אויספאַרקויפען די גיטער האָט אין פראַנקענלאַנד געמוזט זיך אָנהויבען שפּעטסטענס אין דער צווייטער העלפט פון 6-טען יאָרהונדערט [53], אין איטאַליען ערשט אין 7-טען יאָרהונדערט [54]. אַן אויסנאַם איז שפּאַניען, וואו דאָס ברעוויאַריום אַלאַריצי (506), וועלכעס האָט די יודען אָנערקענט אַלס ציוועס ראָמאַני איז אָפּגעשאַפט געוואָרען דורך רעקענסווינט'ן ערשט אַרום 654. די וועסט-גאָטישע מלכים האָבען געשטרעבט אויסשליסליך צו דעם קירכליך-פּאָליטישען ציל—אויפריכטען די איינהייט פון דער אמונה. די יודען אין דער וועסט-גאָטישער מלוכה האָבען דערום געמעגט ווייטער בלייבען ביי זייער לאַנד-אייגענטום, בפרט אַז דאָס פאָלק איז אינגאַנצען ווייט געווען פון אומטאָלעראַנץ. און אַפילו ווען עפּעס אַ קעניג האָט צוליב קירכליך-פּאָליטישע מאָטיווען פאַרווערט די יודען צו האַלטען קריסטליכע שקלאַפען אויף זייערע נחלאות, האָבען פונדעסטוועגען די יודען געהאַלטען שקלאַפען כסדר. דערפאַר האָבען שוין געזאָרגט די וועסט-גאָטישע מאַגנאַטען וועלכע האָבען פונקט אַזוי ווייניג ווי דאָס פאָלק מיטגעהאַלטען דעם קריסטליכען פאַנאַטיזם פון די מלכים און זיי האָבען גאָרנישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלירען די יניקה, וואָס זיי האָבען געצויגען פונ'ם פּראָטעזשירען די יודען. ערשט עגיקאַ האָט אין יאָר 694 אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, אין וועלכען ער האָט פאַרווערט די יו-

דען צו האָבען אייגענע נחלאות און הייזער [55]). דאָס געזעץ איז טאַקי פּאַקטיש דורכגעפירט געוואָרען, אָבער די בעגרענצונג פון די שפּאַנישע יודען האָט לאַנג נישט געדויערט, ווייל די אַראַבער האָבען אין יאָר 711 געמאַכט אַ סוף צו דער וועסט-גאָטישער מלוכה. דורך דער דאָזיגער געשעהעניש זענען די אָקאָרשט געדריקטע און גערודפ'טע שפּאַנישע יודען, וועלכע האָבען געטון די אַראַבער גרויסע טובות ביים איינעמען די האַלב-אינזעל, ווידער געוואָרען אייגענטימער פון לאַנד-גיטער.

אַלזאָ נישט זאָמבאַרט'ס אַלטקאַפּיטאַליזם, וועלכער איז מוטל בספק אין העכסטען גראַד, איז עס געווען דער יסוד פאַר'ן ווייטערדיגען שאַפען זיך פון פאַרמעגענס ביי די יודען אין די מערב-לענדער, נאָר די ערד-רענטע (אין ברייטערען זין), וועלכע האָט זיך אָנגעזאַמעלט ביי די יודישע לאַנד-אייגענטימער. די דאָזיגע אַקומולירטע ערד-רענטע, דעסגלייכען די גרעסערע בעוועגליכע קאַפּיטאַלען, וואָס זענען אַריינגעקומען אין יודישע הענט נאָכ'ן פאַרקויף פון די יודישע נחלאות[56]), זענען געווען דער יסוד פונ'ם שפּעטערדיגען וועלט-האַנדעל, וועלכען די יודען האָבען ביז'ן סוף פון 10-טען יאָרהונדערט געהאַלטען אין זייערע הענט.

מען וואָלט קאָנען אָפּפרעגען אונזער היפּאָטעזע וועגען דעם פאַרקויף פון די יודישע נחלאות מיט דער טענה, אַז די גערמאַנישע מלכים האָבען דאָך געקאָנט קאָנפיסקירען די יודישע גיטער, אַזוי ווי דאָס איז אָפט געשעהן אין די שפּעטערדיגע צייטען פון מיטעלאַלטער, ווען מען האָט די יודען בעגזלט פון האָר ביז גאָר. אָבער קיין זאַך קאָן נישט אַזוי אַריינפירען אין אַ טעות, ווי דאָס וועלען אָנווענדען די היסטאָרישע אַנאַלאָגיע אויף דער דאָזיגער צייט. תמיד ווען מיר טרעפען-אָן אין די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער אויף גירושים פון יודען (צ. ב. אונטער די וועסטגאָטישע מלכים: סיזעבוט 613, כינטילאַ 638. אינ'ם פראַנקענלאַנד אונטער כילפעריכ'ן 582, דאַגאָבערט 629), קאָן מען אין קיין שום פאַל נישט האַלטען, אַז די גירושים זענען געמאַכט געוואָרען צוליב פסיכאָלאָגישע מאָטיווען. מיט די גירושים פון די יודען ווילען בלויז די מלכים פאַרמיידען די סכנה, וואָס שטיי ט-פאַר דעם כלל קריסטען מצד דעם יודישען פאָלק. וועגען דעם יודישען פאַרמעגען קימערען זיי זיך ווייניג.

# II. דער יודישער האַנדעל אין מיטעלאַלטער.

דאַכֿט זיך, מיר האָבען אויפֿגעוויזען, אַז די יודען אין איטאַליען, אינ'ם פֿראַנקענלאַנד און אין שפּאַניען האָבען ביז'ן סוף פֿון 6-טען יאָרהונדערט דערהויפּט זיך פֿאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפֿט אָדער געהאַט פּרנסה פֿון אָפּגעבען זייערע לאַנד-גיטער אין אַרענדע. אַצינד ווילען מיר ווייזען, אַז די יודישע הענדלער אין יענער צייט האָבען געטריבען דעם האַנדעל בלויז אַלס אַ נעבען-פּרנסה, און טאַקי מיט דער הילף פֿון די אָנגעזאַמעלטע רווחים פֿון דער ערד (די אַקומולירטע ערד-רענטע). דער האַנדעל האָט זיך דעמאָלט בעגרענצט אויף לעבעדיגע סחורות און אויף צירונג; געגוי וואָס פֿאַר אַ מינים צירונג איז אין די קוועלען נישט אָנגעוויזען. דאָס אָפֿטע אַרייַנרייסען זיך פֿון די באַרבאַרען און די מלחמות האָבען פֿאַרשאַפֿט אַ מענגע געפֿאַנגענע. אַזוי איז אַרויסבעקומען, אַז יודען, וועלכֿע האָבען זייערע גיטער פֿאַרפאַכֿטעט, האָבען אַליין געהאַנדעלט מיט שקלאַפֿען, פֿון איין זייט כּדי צו קריגען פּאַסיגע אַרבייטס-קרעפֿטען פֿאַר זייערע נחלאות, פֿון דער אַנדער זייט צו האָבען יניקה פֿון דער גרויסער נאָכֿפֿראַגע אויף שקלאַפֿען אין די שטעט, וואו די בעפֿעלקערונג איז געמינערט געוואָרען, און אין די פֿאַרוויסטע דערפֿער. אַ בעזונדערס ברייטער האַנדעל מיט שקלאַפֿען איז געטריבען געוואָרען אין איטאַליען. פֿון די בריוו פֿונ'ם פּויפּסט גרעגאָר I זעהט מען אַרויס, אַז שוין אין 6-טען יאָרהונדערט זענען אין רוים [57]) און נעאַפּאָל [58]) אָפּגעהאַלטען געוואָרען עפֿענטליכֿע שקלאַפֿען-ירידים. אַמער, גרעגאָר גופֿא האָט געלאָזט קויפֿען אַנגלאָ-זאַקסישע שקלאַפֿען פֿאַר דער קירך [59]). נישט געגען דעם גאַנצען מין שקלאַפֿעריי קעמפֿט דער דאָזיגער פּויפּסט, נאָר ער וויל האָבען, אַז די קריסטליכֿע שקלאַפֿען זאָלען אַוועקגענומען ווערען-פֿון זייערע יודישע בעלהבתים. די איטאַליענישע יודען, וועלכֿע האָבען שטאַרק געליטען דורך דער פֿאַרווירקליכֿונג פֿון גרעגאָר'ס מיטלען,—ווייל זיי פֿלעגען אָפֿט מאַכֿען ווייטע נסיעות קיין גאַליען [60]) איינצוקויפֿען שקלאַפֿען, און אויף די נסיעות פֿלעגען זיי לייגען גרויסע הוצאות—האָבען זיך געכֿאַפּט פֿאַר פֿאַרשידענע פֿאָרטלען, כּדי זיך צו קערעווען געגען דעם פּויפּסט'ס פֿאַראָרדנונגען. אַזוי האָט דער נעאַפּאָל'ער יוד באַזיליס לפֿנים געלאָזט שמד'ן זיינע זין, כּדי ווייטער צו פֿירען דעם שקלאַפֿען-האַנדעל אונטער זייער פֿירמע [61]). אַן אַנדער יודישער שקלאַפֿען-הענדלער איז געבליבען ביי זיין פּרנסה דורך איבערקויפֿען

די בעאַמטע מיט שוחד [62]). פון גרעגאָר'ס בעשטימונגען—צום סוף האָט דער פויפסט אַליין געמאַכט עטליכע פאַרלייכטערונגען—זענען אויף דער שפּעטערדיגער צייט געבליבען אין דער ווירקונג בלויז די, וועלכע האָבען פאַרוועהרט די יודען צו האַלטען קריסטליכע שקלאַפען. נאָר אַפילו די סך קאָנציליומס, וועלכע האָבען איבערגע-חזר'ט יענע בעשטימונגען, זענען נישט געווען אימשטאַנד אויס-צוראָטען דאָס דאָזיגע „עקססאַקראַבילע קאָמערציום" (פאַרשאָלטע-נער האַנדעל). קלאָגט דאָך טאַקי דאָס 10-טע טאָלעדאָ'ער קאָנ-ציליום אַפילו אויף דעם, וואָס אַ סך גלחים טוען נאָך דעם ביי-שפּיל פון די פּושעים און פאַרקויפען קריסטליכע שקלאַפען צו שפּאַנישע יודען. אין דער מעראָווינגער מלוכה האָבען די קאָנצי-ליומס גוזר געווען [64]), אַז יעדער קריסט זאָל האָבען דאָס רעכט אויסצוקויפען אַ קריסטליכען שקלאַף פון יודישע הענדלער צום פּרייז פון 12 סאָלידען און אָפּלאָזען אים פריי אָדער האַלטען אים ווייטער אין קנעכטשאַפט. די יודען, וואָס האָבען געוואוינט אין די פּאָרט-ערטער מאַרסייל און טולוז, האָבען שוין אין 7-טען יאָרהונדערט געפירט מיט דעם נאָהענטען ענגלאַנד אַ מסחר מיט שקלאַפען [65]).

אָבער שוין בעצייטענס האָבען די יודען, דערהויפּט אין פראַנקענלאַנד, זיך אַ נעם-געטון אויך צום האַנדעל מיט סחורות. ביים הויף פון'ם קעניג כילפעריק איז געווען גאָר אַ גרויסער חשוב אַ רייכער יוד פּריסקוס פון פּאַריז, וועלכער איז געווען אַ קעניגליכער נאמן און יובעליר [66]) און אין שאַלאָן סיר סאָאָן האָט ער צוזאַמען מיט דאָנאָלוס'ן געקלאַפּט מטבעות [67]). פון די שילדע-רונגען פון גרעגאָר פון טור ווייזט אויס, אַז גאַלישע יודען האָ-בען אָפט פאַרקויפט עקזאָטישע סחורות (ספּעציעס) צום קלערמאָ-נער בישאָף [68]). בכלל ווייזט אויס, אַז אין יענער צייט זענען הוי-כע גלחים און אַבאַטען געווען די הויפּט-אָפּנעמער פון יודישע סחורות. אַזוי האָט אַ פּרעסביטער, וועלכער האָט זיך געסטאַרעט ווערען אַ וואַקאַנטער שטעלע פון אַ בישאָף, געשיקט דעם קעניג אַ סאַך צירונג, וואָס ער האָט געקויפט ביי יודען [69]). נישט זעל-טען זענען יודישע סוחרים געווען אין פרויען-קלויסטערס, כדי דאָרט אָפּצוזעצען זייער פּוץ-רומעל פאַר אַ שיינער מטבע [70]). ווי שטאַרק די יודען פון גאַליען זענען געניט געווען אין מסחר, זעהט מען דערפון, וואָס אַפילו דער גרעסטער שונא-ישראל צווישען די מלכים דאַגאָבערט האָט זיך נישט געקאָנט בעגיין אָן אַ יודישען סוחר. דעם סוחר זיינעם שלמה זענען פון צייט צו צייט איבער-

גענעבען געוואָרען אַפילו געוויסע פונקציעס אין דעם קעניגס פי-
נאַנץ-אַדמיניסטראַציע[71]).

אין די קוועלען פון 6-טען און 7-טען יאָרהונדערט זענען פאַראַן ראַיות, אַז שוין אין דער דאָזיגער פריהיגער צייט זענען אין די גערמאַנישע לענדער בענוצט געוואָרען אָריענטאַלישע (מזרח׳דיגע) סחורות. אַזוי דערמאָנט פיל מאָל גרעגאָר פון טור אין זיינע היסטאָרישע בעשרייבונגען וועגען פאַפירוס און „וואָרצלען פון עגיפּטישע גראָזען" [72]) אויך דער גאָלדשמיד פונ׳ם קעניג דאַגאָבערט, דער הייליגער עלאַאי, זאָל זיך האָבען געקליידט אין „זיידענס און עגיפּטישען לייוועגט" [73]). עס ווייזט אָבער אויס, אַז די דאָזיגע אָריענטאַלישע סחורות זענען דערהויפּט געקומען אין די מערב-לענדער דורך דער פאַרמיטלונג פון סירישע סוחרים, וועלכע זענען געווען אין דער צייט פון דער מעראָווינגער-די-נאַסטיע נישט בלויז אין די דרום-פראַנצויזישע האַנדעלס-שטעט ווי נאַרבאָן און באָרדאָ, נאָר אויך אין צענטער פונ׳ם פראַנ-קענלאַנד, אין אָרלעאַן און טור [74]).

נישט אויסגעשלאָסען איז אָבער די השערה, אַז אויך יודישע סוחרים האָבען מיטגעמאַכט צוזאַמען מיט די סירער זייערע האַנ-דעלס-נסיעות און אַזוי-אַרום זענען זיי שוין אין דער דאָזיגער פריהיגער עפּאָכע געווען גלייך מיט די סירער די פירער פונ׳ם עגיפּטישען מסחר. וועגען דירעקטע בעציהונגען צווישען די מערב-יודען מיט׳ן אָריענט האָבען מיר בעשטימטע ידיעות ערשט פונ׳ם 8-טען יאָר-הונדערט. צו די דאָזיגע דירעקטע בעציהונגען האָט זיי זיכער געבראַכט דער שקלאַפען-האַנדעל, אויף וועלכען זיי האָבען זיך דער עיקר פאַרלייגט, און וועלכער האָט זיי אויך געוויס גע-פירט אין די לענדער, וואו די אַראַבער האָבען געהאַט די ממשלה —אין 8-טען יאָרהונדערט האָבען די אַראַבער געוועלטיגט איבער׳ן גאַנצען צפון-ברעג פון אַפריקע און אַפילו איבער שפּאַניען און סיציליען. אויב ביז אין 6-טען יאָרהונדערט אַריין האָבען די סיר-יער בעהערשט דעם האַנדעל אינ׳ם מערב-לאַנד [75]), איז דער דאָ-זיגער האַנדעל זינט דעם 7-טען יאָרהונדערט אַריינגעפאַלען דער-עיקר אין די הענט פון יודען, ווייל די אַראַבישע, סלאַווישע, גרי-כישע און פריזישע סוחרים, וועלכע זענען דערמאָנט צוזאַמען מיט זיי, האָבען זיי קיין גרויסע קאָנקורענץ נישט געקאָנט מאַכען. בכלל ווייזען זיך נישט קיין אַראַבישע סוחרים אין קריסטליכע לענדער ביז׳ן סוף פון 11-טען יאָרהונדערט, אַזוי אַז עס איז גאָר שווער-ליך צו האַלטען, אַז דאָס אַראָפּקומען פון די אַראַבער קיין איי-

ראָפּע (שפּאַניען) האָט מיטגעווירקט ביים אַראָפּברענגען אָריענטאַ-טאַלישע סחורות פאַר'ן מערב [76]). די סלאַווישע און גריכישע סוחרים האָבען געטריבען זייער האַנדעל כמעט אויסשליסליך אין מזרח-איירָאָפּאַ, אין דער צייט וואָס דער מערב איז געווען דער-הויפּט אַן אָפּזאַץ-לאַנד פאַר יודישע סוחרים. אויב די פּריזען האָבען אַליין געפירט אין מזרח-לאַנד זייערע טיכער, וועלכע זענען דאָרט געווען אַ געזוכטע סחורה, איז אַ פראַגע, אויף וועלכער מיר קאָנען קיין תשובה נישט געבען[77]). אַלזאָ אויב די יודען אין מערב-איירָאָפּע זענען אַפּילו נישט געווען די איינציגע סוחרים, האָבען זיי אָבער געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף בעשטימטע און שטאַרק געזוכטע סחורות: די אוצרות פונ'ם אָריענט האָט מען געקאָנט בעקומען בלויז דורך זייער פאַרמיטלונג. און דאָס האָט פאַרשאַפט דעם יודישען האַנדעל די אויבערהאַנד אויף הונדערטער יאָרען נאָכאַנאַנד.

בעזונדערס האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסען דער אָריענטאַלישער האַנדעל אונטער דער מַמשלה פון דער קאַראָלינגער-דינאַסטיע. קאַרל דער גרויסער האָט ריכטיג געוואוסט ווי אָפּצושאַצען די טייערע זאַכען, וואָס מען האָט געהאַט דעם האַנדעל צו פאַרדאַנקען, און ער האָט זייער פּראָטעזשירט די בעציהונגען מיט'ן מזרח-לאַנד.

די דאָמינירענדע לאַגע, וואָס די פרענקישע יודען האָבען געהאַט אינ'ם גרויס-האַנדעל, האָבען זיי געהאַט צו פערדאַנקען דעם קעניגליכען שוץ; ענליך ווי דער רוימישער סענאַט בשעתו האָט געגעבען זיין שוץ די קאַרטאַגענישע הענדלער אין רוים [78]). די יודישע סוחרים, וועלכע זענען פונ'ם קעניג פּריווילעגירט געווען, זענען קודם-כל געווען בעפרייט פון אַלע אָבגאָבען, צאָלען, מלוכה-שטייערן [79]), און זענען בלויז פערפליכטעט געווען, אַלס אָבצאָל פאַר'ן געגעבענעם שוץ, צו ערלעדיגען ווען עס קומט אויס סוחרישע ענינים פאַר'ן קעניגס וועגען [80]). שפּעטער ווייזט אויס האָבען זיי געצאָלט אַ יערליכען אָבגאָב אין די קייזערליכע שאַן-קאַמער [81]) אַזוי האָבען זיי אין דער צייט פון לודוויג דעם פרומען געדאַרפט אָבגעבען אַלע יאָר אָדער אַלע צוויי יאָר פאַר'ן הויף אַ טייל פון זייערע רווחים [82]). אין מערב-פראַנקענלאַנד האָבען זיי געדאַרפט געבען אַ צענט-חלק פונ'ם רייגעם ריווח, לויט ווי מיר דערגייען [83]) פון אַ פעראָרדנונג פון קאַרל דעם פליכעוואַטען (877). די קריסטליכע סוחרים האָבען געצאָלט אַן עלפט-חלק פון זייערע רווחים. בעגרענצט זענען די יודען געווען גלייך ווי אַנדערע סוחרים בלויז

אינ'ם האַנדעל מיט תבואה און וויין[84]).

די בעגרענצענדע פאַרבאָטען פונ'ם „קאַפּיטולאַרע דע יו־דעאיס" (8,14) זענען מן־הסתם נישט געגנוי אָפּגעהיט געוואָרען, וייל בסך־הכל מיט עטליכע יאָר שפּעטער האָבען מיר שוין ידיעות וועגען יודישע וויינהענדלער [85]), וועלכע האָבען אין דער געגענד פון נאַרבאָן געהאַט אייגענע ווייגגערטנער [86]).

די קלאָרסטע ראייה, אַז יודען פון מערב האָבען אַלס גרויס־הענדלער דורכגערייזט כמעט די גאַנצע דעמאָלט בעוואוסטע וועלט, געפינען מיר אין אַ בעריכט, געשריבען צווישען 854—874, פונ'ם אַראַבישען אויבער־פּאָסט־מייסטער איבן קורדדבה[87]), וועל־כער שילדערט אונז נישט ווייניגער פון פיר מאַרשרוטען, אויף וועלכע עס פלעגען פאָרען אַהין און צוריק די יודישע גרויס־הענדלער צווישען מערב־איירראָפּע מיט מזרח־אַזיען:

איין וועג האָט געפירט פונ'ם פראַנקענלאַנד מיט'ן וואַסער קיין מצרים, פון דאָרט האָט מען דורכגעשיפט דעם ים־סוף אויפ'ן אינדישען אָקעאַן אַרויס. אין צווייטען מאַרשרוט זענען די יודישע סוחרים אַרויסגעקומען אויף דער יבשה אין אַזיען ביי דער מינ־דונג פונ'ם טייך אָראָנטעס, זענען זיי דאַן געפאָרען צום טייך פרת, מיט'ן פרת קיין באַגדאַד, פון דאָרט ווידער זענען זיי מיט'ן חידקל און מיט'ן פּערסישען ים־גאָלף צוגעקומען צום אינדישען אָקעאַן. אין די ביידע מאַרשרוטען איז זייער ציל געווען אינדיען און כינא. אַ חוץ די דאָזיגע צוויי וועגען, אויף וועלכע די גרע־סערע שטרעקע איז דורכגעמאַכט געווען מיט דער שיף, זענען אויך בענוצט געווען צוויי אַנדערע וועגען, אויף וועלכע מען איז מער געפאָרען מיט דער יבשה. אַזוי האָט איין האַנדעלס־וועג מיט דער יבשה געפירט פון מערב־איירראָפּע דורך דאָס הארץ פון איי־ראָפּע, דורך דייטשלאַנד, און דורך די סלאַווען־לענדער צו דער הויפּט־שטאָט פון די כוזרים איטיל, וואו די מערב־יודען, ספּעציעל פראָטעזשירט דורך זייערע גלויבענס־ברידער די כוזרישע מלכים, האָבען געשאַפען סוחרישע ישובים. פון דאָרטען זענען זיי איבער'ן קאַספּישען ים אָנגעקומען אין דאָס הינטערשטע אַזיען. אַן אַנדער האַנדעלס־וועג מיט דער יבשה האָט געפירט אין פראַנקרייך און שפּאַניען איבער גיבראַלטאַר קיין אַפריקע, דערנאָך לענג־אויס מיט'ן אַפריקאַנישען ברעג איבער סועץ קיין סיריען, בבל, אינדיען און כינא.

אויף די דאָזיגע ווייטע נסיעות האָבען די יודישע וועלט־הענדלער געהאַט אַ שטאַרקע אונטערשטיצונג אין די יודען, וואָס

האָבען געלעבט אין די פאַרשידענע ים-ערטער; זיי האָבען בעקומען פון זיי אלערהאַנד אינפאָרמאַציעס.

צוריקוועגס זענען די סוחרים געפאָרען אויפ׳ן זעלבען אופן, נאָר נישט אלע פון זיי זענען געגאַנגען ביז׳ן פראַנקענלאַנד, אַ טייל איז אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָרט צו פאַרקויפען די סחורות. וועגען זייערע סחורות דערציילט איבן קורדדבה, אַז פון מערב האָבען זיי געפירט סריסים, שקלאַפינס, יונגלעך, זיידענס (דאָס מן-הסתם בלויז פון שפּאַניען און גריכענלאַנד), רויכוואַרג און שווערדען; ווידער צוריק פון מזרח קיין מערב האָבען זיי געפירט מאָשוס, אַלאָע, קאַמפער, צימערינג א. דגל.

די דאָזיגע אויסערגעוויינליך אינטערעסאַנטע נאָטיצען פונ׳ם אראַבישען גענעראַל-פּאָסטמייסטער, וועלכער איז געווען אזאַ בקי אין די האַנדעלס-וועגען פון די יודישע וועלט-הענדלער, ווערען בעשטעטיגט אויך דורך אַנדערע קוועלען. אַ מאָנאַך פון סען-גאַלען [88]), וועלכער האָט געלעבט אין 8-טען יאָרהונדערט, דערציילט וועגען אַ יודישען סוחר פונ׳ם פראַנקענלאַנד, וועלכער פלעגט אָפט זיין אין פּאַלעסטינע און ברענגען פון דאָרט קיין מערב-אייראָפּע טייערע און נישט-בעקאַנטע זאַכען.

יודישע האַנדעלס-שיפען זענען דעמאָלט נישט געווען קיין יקר-המציאות. איינמאָל ווען פון אַ פּאָרט-שטאָט אין גאַליאַ נאַרבאָגענזיס האָט מען געזעהן אָנקומען שיפען, איז געווען אַ פּלוגתא צווישען די צוזעהער: *) „די איינע האָבען געזאָגט, אַז דאָס זענען יודישע, די אַנדערע — אַז אין דער ריכטיגקייט זענען עס אַפריקאַנישע, און אַנדערע, -- אַז בריטאַנישע סוחרים". [89]) לודוויג דער פרומער האָט אין יאָר 828 אַרויסגעגעבען אַ שוץ-בריוו פאַר יודישע סוחרים, אין וועלכען עס איז צווישען אַנדערעס געזאָגט, אַז קיינער טאָר נישט אַוועקנעמען ביי זיי זייערע שיפען מיט׳ן תירוץ אַז מען דאַרף עס פאַר׳ן מלכות [90]).

וועגען דעם בּרייט אַנטוויקעלטען מענשען-האַנדעל, וואָס די יודען האָבען געפירט אין דער צייט פון די קאַראָלינגער, האָט שטאַרק געקלאָגט—הגם אָן אַ שום פּעולה—דער ענערגישער אגאָבאַרד. צו דעם מענשען-האַנדעל האָבען פונקט צוגעהאָלפען די פאַרבינדונגען פון די מיטעלאייראָפּעאישע יודען מיט שפּאַניען און מיט׳ן אָריענט, וואו די נאכפראַגע אויף שקלאַפען איז געווען גאָר

(* alii Juaeos, alii vero Afrikanos, alii Britannos mercatores esse dicebant

גרויס. דער סחורות-האַנדעל, ספּעציעל דער האַנדעל מיט אָריענ-טאַלישע סחורות, איז דעמאָלט איבערהויפּט געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיט'ן שקלאַפֿען-האַנדעל; ווײַל אין אָריענט איז אַנדערש נישט מעגליך געווען צו צאָלען, ווי מיט געלט און שקלאַפֿען.

אין דײַטשלאַנד, וואו ס'איז געווען אַסך בילִיגע אַרבייטס-קרעפֿטען, איז זיכער געווען אַ קנאַפּ אָרט פֿאַר אַנ'אָבזאַץ פֿון שקלאַפֿען[91]), דערפֿאַר זענען נאָך דריקענדער געווען פֿאַר די יודען אינ'ם פֿראַנקענלאַנד די קײזערליכע פֿאַר-אָטען אַרויסצופֿירען שקלאַפֿען פֿונ'ם לאַנד[92]). אָבער דער פֿאַרבאָט איז מן-הסתם נישט געווען אָבגעהיט געוואָרען, ווײַל קוים צוויי יאָר באַלד'עם ווי ער איז אַרויסגעגעבען, קלאָגט שוין אַגאָבאַרד[93]), אַז די יודען פֿערקויפֿען קריסטליכע שקלאַפֿען קיין שפּאַניען, און זייערע קריסט-ליכע פּראָטעקטאָרען מאַכען זיי נישט קיין שום שטערונגען דער-בײַ. שטאַרק וויכטיג איז געווען פֿאַר'ן שקלאַפֿען-האַנדעל דער פֿאַרבאָט, צוצולאָזען די שקלאַפֿען פֿון די יודען צו דער קריסט-ליכע טבילה (טויפֿע) און דורכ'דעם צו עמאַנציפּאַציע. אַזוי-אַרום האָט מען מיט'ן תירוץ פֿון רעליגיעזע מאָטיווען בעוואָרענט, אַז די יודישע שקלאַפֿען-אייגענטימער זאָלען נישט האָבען קיין שאָדען[94]).

הגם די יודישע סוחרים זענען כּלל נישט געווען פֿולשטענ-דיג פֿרײַ און מיט זייערע הײַזער און מאַגאַזינען זענען זיי אונטער-געוואָרפֿען געווען דעם קעניגס מאַכט אַלס עבדים פֿונ'ם מלך, האָבען זיי פֿונדעסטוועגען שוין גאָר פֿריה געהאַט די מעגליכקייט זיך אַרויפֿצוקריגען אויף אַ הויכע מדרגה איבער די פֿאַרשידענע קלאַסען פֿונ'ם קעניגס דינער. דערצו האָבען גורם געווען: א) דער פּרינציפּ פֿון טאָלעראַנץ, וועלכער דריקט זיך אויס אין די ווערטער פֿונ'ם קעניג לודוויג דעם פֿרומען: [95]) „אַזוי ווי יודען לעבען צווי-שען אונז, דאַרפֿען מיר נישט זיין קיין פֿיינט נישט פֿון זייער לע-בען נישט פֿון זייער קערפּערליכער זיכערקייט. מיר דאַרפֿען אויך נישט זיין קיין געגנער פֿון זייער וואוילשטאַנד". ב) די מאָנאָ-פּאָליזירונג פֿונ'ם אָריענטאַלישען סחורות-האַנדעל (דערגעגען אינ'ם שקלאַפֿען-האַנדעל האָבען זיי שוין גאָר פֿרי געהאַט קאָנקורענטען אין די וועניציאַנער און אַמאַלפֿיאַנער); ג) דער ספּעציעלער רעכט-שוץ, וועלכער האָט גוואַלטיג געהאָלפֿען דער אַנטוויקלונג פֿון זייער האַנדעל; ד) זייער שטייער-פֿעהיגקייט, און ענדליך ה) זייער וויכטיגקייט פֿאַר'ן מאַרק. זענען דאָך אַפֿילו אין אַ סך ערטער די ירידים, וועלכע זענען געוויינליך פֿאָרגעקומען אום שבת, אָפּגע-לייגט געוואָרען, כּדי יודען זאָלען נישט זיין געשטערט אין זייער

רו-טאג—און דערביי האט מען די יודען געגעבן די ברירה צו בעשטימען די טעג, אין וועלכע די ירידים זאלען ווערן אפגע-האלטען [96]).

די אלע אויבען-אויסגערעכענטע מאמענטען האבען צוגע-האלפען, אז די יודען אינ'ם פראנקענלאנד, וועלכעס האט ארומ-גענומען אויך דייטשלאנד און איטאליען, אין דער צייט פון דעם קאראלינגער-דינאסטיע, זאלען נתעשר ווערען, פארשאפען זיך גרוי-סע רייכטימער [97]). אגב האט דא אויך ספעציעל מיטגעווירקט דער אומשטאנד, וואס יענע עפאכע איז געווען בעזונדערס גינסטיג אויך צו הויבען גוואלטיג די מקחים ביים יודישען האנדעל. איינער פון די „ארטיקלען", מיט וועלכע מען האט געדעקט די קניות וואס מען האט געמאכט אין די אראבער-לענדער, די שקלאפען, האבען גע-טריבען די יודישע הענדלער אין אזעלכע געגענדען, וואו עס האבען געלעבט נאטור-פעלקער. אין פראנקענלאנד, וואו די אייגענט-ליכע שקלאפעריי איז נאכ'ן זיג פונ'ם קריסטענטום פארשוואונדען און פונ'ם „סערוואוס" (דעם שקלאף) איז געווארען דער „סערף" (דער פאנשציזניק), וועלכער האט געוויינליך געקאנט פארקויפט ווערען בלויז צוזאמען מיט זיין נחלה, האט דער שקלאפען-הענדלער נישט געהאט וואס אויפצוטון. אזוי ארום זענען די יודישע האנדעלס-לייט גענויטיגט געווען זיך אוועקצולאזען ווייט צו מזרח-צו אין די סלאווישע לענדער, וואו זיי האבען אנגעטראפען אויף האלבע בארבארען. דא זענען זיי ביי זייערע קניות געשטאנען אזוי אין גרויסען, אז עס האט געמוזט ארויסקומען דיזעלבע ער-שיינונג, וואס ביים קאלאניאל-האנדעל אין זיינע ערשטע צייטען. „אויפ'ן ארט פונ'ם האנדעל איז געקומען די עקספלואטאציע". דעס-גלייכען איז די לאגע גוט געווען פאר די יודישע סוחרים ביים פארקויף פון זייערע אריענטאלישע סחורות. ווארן נישט די ארימע פויערים זענען געווען זייערע אפנעמער, נאר מענשען וואס האבען גע-לעבט נישט מיגיע כפם, די מלכים, הערצאגען, קירכען-שררות, אבא-טען — אלזא מענשען וואס האבען געצויגען יניקה פון רענטע, פאר וועלכע ס'איז נישט געווען קיין נפקא-מינה, צי האבען זיי בעצאלט פאר א פראכטיגען דיוואן „אנשטאט די יערליכע צינזען פון 2 אדער 20 פויערים, די צינזען פון 4 אדער 40 פויערים" [98]). די יודישע האנדעלס-לייט פלעגען קומען אין די שלעסער פון די „גרויסע לייט", ס'הייסט דארטען, וואו ס'האט געהערשט די תאווה צו פארמאגען צירונג, ווייל דער וואס האט געקאנט ציהען אויף זיך די אויגען דורך אויסערליכען גלאנץ האט דערמיט שטארק

געהויבען די חשיבות זייגע. בעזונדערס איז די קירך געווען אַ גוטער קונה אויף אָריענטאַלישע סחורות. געגען אַלע דעקרעטען און החלטות פון די קאָנציליומס האָבען נאָך אין 10-טען יאָרהונדערט לגמרי נישט אויפגעהערט האַנדעלס-בעציהונגען און געזעלשאַפטליכע בעציהונגען צווישען יודען און הויכגעשטעלטע גייסטליכע [99]). בלויז וועגען די פויפסטען דערצעלט גרעגאָר'ס ביאָגראַף, וועלכער האָט געלעבט אין 9-טען יאָרהונדערט, דער דיאַקאָן יאָהאַנעס [100]), אַז זיי האָבען זיך קיינמאָל נישט געוואָלט אַריינלאָזען מיט די יודען, אַפילו ווען יענע האָבען געבראַכט די שענסטע סחורות, נאָר די יודען האָבען געמוזט פאַרקויפען זייערע סחורות אויסערהאַלב פונ'ם פאָרטיקוס. אַנדערש איז אָבער געווען מיט די ביסקופען און אַבאַטען. שוין קאַרל דער גרויסער האָט זיי בעפוילען צו האָבען אַ שטאַרקע השגחה איבער די קירכען-אוצרות, ווייל יודישע און אַנדערע סוחרים האָבען זיך בערימט, אַז זיי קאָנען בעקומען פון זיי אַלערהאַנד חפצים [101]) — מן-הסתם אַלס אָבצאָל פאַר די טייערע בשמים און פאַבריקאַטען פונ'ם אָריענט. אַלס אַ בעווייז, ווי אַזוי די געניטע און געוואַנדערטע האַנדעלסלייט פלעגען בערייסען די לייכטגלויביגע גייסטליכע, קאָן צווישען אַנדערעס דינען די אַנעקדאָטישע ידיעה, וואָס עס ברענגט דער מאָנאַך פון סען-גאַלען. דעם אַרציביסקופ ריכולף פון מאַינץ, וועלכער האָט געהאַט די שוואַכקייט זיך גרויס צו שטעלען מיט אַנטיקען, האָט אַ יוד פאַרקויפט פאַר אַ הויכען מקח אַ מויז און אים אָנגעגעבען, אַז דאָס איז אַ זעלטענע חיה'לע, געברענגט אַזש פון ארץ-ישראל, און די מציאה איז גאָר נישט אָפּצושאַצען [102]).

אויב דער לוקסוס, וואָס האָט זיך אין יענער צייט קאָנצענטרירט אין די הויפען פון מלכים און ביסקופען און האָט אויסגעקוקט מעהר אויף גלאַנץ און פראַכט ווי אויף בעקוועמליכקייט, איז געווען אַ פעטע קוועלע אויף צו רייסען אַ פרייז, איז חוץ דעם געווען נאָך אַן'אומשטאַנד, וועלכער האָט געגעבען דעם סוחר די מעגליכקייט צו נעמען אַ מקח: דאָס וואָס אַלע קנייות זענען דעמאָלט געווען איינצעלנע, איינע פון די אַנדערע אָפּגעזונדערטע געשעפטליך און קיין רעגעלמעסיגע קאָנקורענץ צווישען דעם קויפער און פאַרקויפער איז נישט געווען.

נאָכדעם ווי מיר האָבען אַרומגערעדט די אָביעקטיווע מעגליכקייטען, וואָס זענען געווען פאַר דער ווייטערדיגער שאַפונג פון יודישע פערמעגענס אין 8-טען און 9-טען יאָרהונדערט דורך אָנזאַמלונג פון רייזיגע האַנדעלס-רווחים, מוזען מיר נעמען פאַרשען

די ווייטערדיגע געשיכטע פֿונ׳ם ברייטען יודישען האַנדעל. כּדי צו דערגענצען דאָס, וואָס מיר האָבען שוין געזאָגט וועגען דעם 8-טען און 9-טען יאָרהונדערט, דאַרף מען נאָך בעמערקען, אַז פּאַראַלעל מיט׳ן גרויס-האַנדעל פֿון די יודישע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער׳ן ספּעציעלען קעניגליכען שוץ [103], איז געגאַנגען דער הויזירער-האַנדעל פֿון די יודען, וואָס זענען מיט גאָרנישט פּריווילעגירט געווען, וועלכע פֿלעגען, ווי עס שטעהט אין אַ צאָל-פֿעראָרדנונג פֿון לאָטאר דעם 1-טען (832) [104]) איבער-טראָגען זייער אייגענטום צוליב׳ן האַנדלען „פֿון איינס פֿון זייערע הייזער און דאָס אַנדערע אָדער צו די גריכטס-ערטער אָדער צו די זאַמעלפּונקטען פֿון מיליטער".

איידער מיר טרעטען אַריין אין דאָס 10-טע יאָרהונדערט, דאַרף מען בעטראַכטען די נייערע היפּאָטעזע [105]) פֿונ׳ם היסטאָרי-קער מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש, לויט וועלכער די יודען זענען געווען די איינציג מעגליכע פֿירער פֿונ׳ם צפֿונ׳באַלטיש-אַזיאַטישען האַנדעל, וועלכער האָט געבליהט פֿונ׳ם 8-טען יאָרהונדערט, ביז׳ן סוף פֿונ׳ם 10-טען יאָרהונדערט. גומפּלאָוויטש׳עס השערות גייען אָבער אַלענפֿאַלס צו ווייט; ווייל פֿון איין זייט בעווייזען די אַלטע אָריענטאַלישע זילבער-מטבעות, וואָס מען האָט געפֿונען זייער פֿיל אין רוסלאַנד און אין די באַלטישע לענדער [106]), אַז בסך-הכּל האָט מען פֿון דאָרטען פּאַרקויפֿט צו די אַראַבער אין אַזיען אַסאַך מער ווי מען האָט ביי זיי געקויפֿט, און דאָס שטימט אָבער נישט מיט׳ן כאַראַקטער פֿונ׳ם יודישען האַנדעל קיין אַזיען; פֿון דער אַנדער זייט ווייסען מיר פֿון איבן-קורדדבה׳ס בעריכטען, אַז די רוסען (איי-גענטליך סקאַנדינאַוויער) האָבען געמאַכט נסיעות אַזש ביז די ברעגעס פֿונ׳ם קאַספּישען ים, דורכגעפֿאָרען דעם ים נישט בלויז אַלס פּיראַטען, נאָר אויך אַלס פֿרידליכע סוחרים, און טראַנ-ספּאָרטירט זייערע סחורות פֿון דזשאָרדזשאַן ביז קיין באַגדאַד אַרויס [107]).

אָבער אַז די כּוזרים, וואָס האָבען אָנגענומען דעם יודישען גלויבען, וועלכע האָבען געהאַט זייער מלוכה ביי דער וואָלגאַ, האָ-בען זיך שטאַרק מיטבעטייליגט אין יענע האַנדעלס-בעציהונגען— קאָן נישט געשטעלט ווערען אונטער אַ צווייפֿעל. איז דאָך די כּוזרישע הויפּט-שטאָט איטיל הונדערטער יאָרען לאַנג געווען דער וויכטיגסטער לאַגער-פּלאַץ פֿאַר בולגאַרישע, רוסישע און גריכישע סוחרים. אויך פֿון די יודען, בפֿרט פֿון די, וואָס זענען אַן ערך אין 723 פֿאַרטריבען געוואָרען פֿון דער ביזאַנטינישער אימפּעריע,

האָט אַ גרויסער טייל זיך בעזעצט אינ'ם כּוזרים-לאַנד און געפֿירט האַנדעלס-בעציהונגען מיט גריכענלאַנד און אַזיען אונטער'ן שוץ פֿון די מעכטיגע כּוזרישע מלכים, די כאַגאַנען, פֿאַר וועלכע די ביזאַנטינישע מלכים האָבען אַ היבש ביסעל מורא געהאַט. פֿון די יודען אין מערב-אייראָפּע זענען, ווייזט אויס, בלויז די פּוילישע און אונגאַרישע יודען געשטאַנען אין נעענטערע פֿאַרבינדונגען מיט די כּוזרים.

אינטערעסאַנט זענען די רייזע-בעריכטען פֿון די שפּאַנישע יודען, פֿון בן-גוריון, קאַזוויני און אברהם איבן יעקב פֿון 10-טען יאָרהונדערט. דער לעצטער גיט-אָן גענוי, ווי הויך עס איז געשטאַנען דער מקח פֿון תּבואה און רויכוואַרג אין קראָקע און ווי הויך אין פּראָג און ער דערמאַנט דערביי יודישע זאַלץ-גרובען[108]). אברהם איבן יעקב און קאַזוויני זענען אַליין געוועזן אין הויף פֿונ'ם פּוילישען פֿירשט מיעשקאָ I און זייערע גענויע ידיעות האָבען זיי מן הסתּם בעקומען פֿון פּוילישע יודען, וועלכע האָבען דאָ געהאַנדעלט מיט זאַלץ, ווייץ, רויכוואַרג און געפֿירט אויך אונגאַרווײַן [109]). אָבער אַז אויך דייטשע יודען האָבען ביי געלעגענהייט דורכגעמאַכט צוליב'ן האַנדעל דעם וועג דורך די סלאַווישע לענדער און די כּוזרישע מלוכה קיין אַזיען, בעווייזט דאָס שוין דערמאָנטע אָרט אין איבן קורדדבה'ס בעריכט און אויך דער אומשטאַנד, וואָס אַ דייטשער יוד (יעקב בן אליעזר פֿונ'ם לאַנד „נמץ“) [110]) איז עס געוועזן דער, וועלכער האָט צוגעשטעלט צום מלך פֿון די כּוזרים דעם דערמאָנטען בריוו פֿונ'ם יודישען פֿינאַנץ-מיניסטער אין שפּאַניע חסדאי איבן שפּרוט (10-טער יאָרהונדערט).

ווי אין 9-טען און די פֿריהערדיגע יאָרהונדערטען האָט אויך אין 10-טען יאָרהונדערט דערהויפּט דער שקלאַפֿען-האַנדעל געפֿירט די יודישע סוחרים פֿון מערב קיין מזרח-אייראָפּע. אין די צאָל-טאַריפֿען אויף דער באַיעריש-סלאַווישער גרענעץ אין פּאַסוי, וועלכע זענען פֿעסטגעשטעלט געוואָרען אין יאָר 906 [111]), פֿיגורירען יודישע שקלאַפֿען-הענדלער אַלס די עלטעסטע סוחרים. לויט די דערמאָנטע צאָל-טאַריפֿען זענען זיי אַפֿילו מער פּראָטעזשירט, ווי אין 9-טען יאָרהונדערט: 1) בנוגע די אָפּגאָבען זענען זיי גלייך מיט די קריסטליכע קאָנצעסיאָנירטע סוחרים: 2) זייערע האַנדעלס-רעכט זענען ברייטער, ווי פֿריער. אין דער צייט וואָס לויט דער קאַפּיטולא דע יודעאיס (814) זענען זיי אויסגעשלאָסען געוועזן פֿונ'ם מסחר מיט ווייַן און תּבואה, זענען שוין אין דער פּאַסויער צאָל-פֿאַראָרדנונג קיין שום בעגרענצונגען אַזעלכע נישטאָ. פֿו

דער סלאַווישער גרענעץ זענען די אויפגעקויפטע שקלאַפֿן טראַנספּאָרטירט געוואָרן צום מערב, קיין ווערדען ביים סאָאָן, דערנאָך קיין ליאָן, פֿון וואַנען עס איז געגאַנגען דער שקלאַפֿען-האַנדעל קיין שפּאַניען [112]). די קירך, וואָס האָט פֿון אַלטע צייטען געקעמפֿט געגען האַנדעל מיט קריסטליכע שקלאַפֿען, האָט געמיינט, אַז זי וועט אים פֿולשטענדיג דערשטיקען דערמיט וואָס זי האָט בעפֿוילען די ביסקופּען אין די סלאַווישע לענדער, דערהויפּט אָבער אין בעהמען (וואו דאָס פֿאָלק פֿלעגט פֿאַרקויפֿען קריסטליכע שקלאַפֿען צו יודען), אויסצוקויפֿען די שקלאַפֿען. אָבער דאָס „פֿאַרשאָלטענע געלד" פֿון די שקלאַפֿען-הענדלער איז געווען אַזוי מעכטיג, אַז דער היייליגער וואָיציעך (אַדאַלבערט) האָט צווישען אַנדערעס זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין ביסקופּאַט אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויסקויפֿען פֿון די קריסטען אַזוי פֿיל שקלאַפֿען, וויפֿיל עס האָט אָנגעקויפֿט איין יודישער סוחר [113]).

אויסער די נסיעות פֿון יודישע סוחרים אין די סלאַווענלענדער, האָבען זיי אויך געמאַכט האַנדעלס-נסיעות אַזוי ווי פֿריער קיין דרום-אייראָפּע און אין דעם אָריענט. אין אַ בריוו פֿון פּעטרוס, דאָזש פֿון ווענעציאַ, צום אַרצי-ביסקופּ פֿון מאַינץ, ווערט דערציילט [114]) וועגען יודען, וועלכע פֿאָרען פֿון ירושלים קיין דייטשלאַנד און פֿירען מעטאַל, טוך אָדער עקזאָטישע בשמים („ספּעציעס").

נאָר עס ווייזט אויס, אַז די דאָזיגע דירעקטע קאָמוניקאַציע מיט'ן אָריענט האָט זיך אָפּגעשטעלט שוין ביים סוף פֿון 10-טען יאָרהונדערט. אינ'ם האַנדעל מיט'ן מורח, וואָס ביז אַהער האָבען אים כמעט אויסשליסליך יודען געפֿירט, הויבט איצט אָן צו שיינען דער מזל פֿון די איטאַליענישע שטעט אַמאַלפֿי, באַרי און ווענעציאַ. די דאָזיגע שטעט זענען אויך געווען דער ערשטער פּלאַץ פֿון יענעם הארטנעקיגען קאַמף פֿאַר בעפֿרייען זיך פֿון דער סוחרישער אפּוטרופּסות פֿון די יודען, וועלכער האָט שפּעטער ביי דער ערשטער אויפֿבליהונג פֿון אַ נאַציאָנאַלען סוחרים-שטאַנד געדאַרפֿט אויסגעקעמפֿט ווערען אויך אין די אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּאַ. גלייך ווי די ווענעציאַנישע רעפּובליק איז געקומען צו אַ געוויסען וואוילשטאַנד, האָט זי אָנגעהויבען קלערען וועגען בעגרענצען די קאָנקורענץ פֿון די יודען. אין יאָר 945, אונטער דעם דאָזש אַרסאָ פּאַטריטשיפּאַטשיאָ, איז די ווענעציאַנישע שיפֿס-אייגענטימער פֿאַרווערט געוואָרען, אַרויפֿצונעמען אויף זייערע שיפֿען יודישע סוחרים [115]). די יודישע סוחרים אין איטאַליען, וואָס צוליב דער

האַנדעלס-קאָנקורענץ צווישען ווענעציאַנער און דרום-איטאַליענער האָבען זיי מער זיך נישט דערוועגט אַרייסצופאָרען איבער׳ן מי-טעללענדישען ים אויף אייגענע שיפען, זענען געצוואונגען געווען צו טראַנספּאָרטירען זייערע סחורות פאַר דעם אָריענט אויף ווע-נעציאַנישע שיפען; אָבער אפילו די דאָזיגע שטאַרק נישט-גינסטיגע פאַרמיטלונג, ביי וועלכער דער גרעסערער טייל פונ׳ם ריווח איז אַריינגעפאַלען אין די טאַשען פון די איטאַליענישע הענדלער, האָ-בען זיי פאַרלוירען, ווען די ווענעציאַנער האָבען אין יאָר 992 דערהאַלטען אין ביצאַנץ אַ דיפּלאָם, וועלכער האָט זיי גאַראַנטירט ספּעציעלע הנחות, אָבער צוגלייך האָט ער זיי פאַרווערט מיטצו-נעמען אויף זייערע שיפען יודישע סחורות און דעקלאַרירען עס אַלס אייגענע[116]).

אויסגעשלאָסען פון די דירעקטע בעציהונגען מיט׳ן אָריענט, זענען די איטאַליענישע יודען אָנגעוויזען געווען אויף די מערב-פרענקישע מערק, וועלכע זענען נאָך אַלץ שטאַרק לעבהאַפט גע-ווען, און זיי האָבען זיך מן-הסתם פאַרנומען מיט אָפּזעצען ווייטער די אָריענטאַלישע סחורות, וואָס זיי האָבען אויפגעקויפט ביי די ווענעציאַנער און דרום-איטאַליענער. געפאָרען זענען זיי אין די שטעט ביי דער לואַר און דער סענאַ, קיין טור, אַמבואַז, שינאָן א. אַז. וו. [117]).

אין שפאַניען, וואָס ביי אירע דאַמאָלדיגע פּאָליטישע און קולטור-היסטאָרישע פאַרהעלטענישען האָט עס אויסגעוויזען, אַז זי איז בעשאַפען אַלס צענטער פאַר׳ן גאַנצען כלל יודען, האָבען די יודען אין 10-טען יאָרהונדערט געלעבט אין גרויס עשירות. דאָס האָבען זיי אין אַ גרויסער מאָס געהאַט צו פאַרדאַנקען יענע יודי-שע פערזענליכקייטען, וואָס צוליב זייער קלוגשאַפט און געניטקייט אין מסחר זענען זיי גענומען געוואָרען אויף מלוכה-שטעלעס און זענען געווען נאמנים און מיניסטאָרען אין די מאַכמעדאַנישע און קריסטליכע הויפען פון שפאַניען. די וויכטיגסטע קוועלע פון זייער פרנסה איז געווען די זייד-פּראָדוקציע [118]). די זייד-שטאָפען פון איינעם איבן גאו און זיין ברודער יוסף האָבען געהאַט אַ גרויסען שם און אין די הויפען האָט מען זיי געזוכט[119]). ביי דעם האָבען די שפאַנישע יודען געטריבען אַ לעבהאַפטען שקלאַפען-האַנדעל, וועלכער איז ווי פריהער געפירט געוואָרען דורך דער פאַרמיט-לונג פון זייערע שטאַם-ברידער די יודען אין דייטשלאַנד מיט די סלאַווישע לענדער. די אויפגעקויפטע סקלאַוואַניער זענען אָפּגע-זעצט געוואָרען ביי די קאַליפען, וועלכע האָבען פון זיי כסדר

געשאַפֿען זייער לייב-וואַך.

הגם עס קאָן נישט זיין קיין ספק, אַז די שפּאַנישע יודען האָבען געהאַט דעם גרעסטען אָנטייל אין׳ם צווישען-האַנדעל, לעגט זיך נישט פֿונדעסטוועגען אויפֿ׳ן שכל, אַז ביים סוף פֿון 10-טען יאָרהונדערט זענען זיי נאָך אַלץ געשטאַנען אַזוי ווי פֿריהער אין אַ דירעקטער קאָמוניקאַציע מיט׳ן אָריענט. וואָרן אין חיסדאי אבן שפּרוט׳ס בריף שטייט צווישען אַנדערעס: „מיר זעהען סוחרים פֿון פֿרעמדע לענדער און אינזלען, בעזונדערס פֿון מצרים און פֿון נאָך ווייטערע ערטער, קומען מאַסענוויז אין אונזער לאַנד (שפּאַניען); זיי ברענגען אונז בשמים, טייערע שטיינער און אַנדערע טייערע סחורות פֿאַר די מלכים ושרים, אויך אַלץ וואָס מען בעגערט ביי אונז פֿון מצרים״[120]) פֿונ׳ם דאָזיגען נישט קלאָרען פּאַסוס קאָן מען דריגגען, אַז פֿרעמדע סוחרים האָבען אימפּאָרטירט די אָריענטאַלישע אַרטיקלען קיין שפּאַניען. דערהויפּט האָבען עס געמוזט זיין די סוחרים פֿון אַמאַלפֿי, וועלכע זענען שוין אין 10-טען יאָרהונדערט געשטאַנען אין פֿאַרבינדונגען מיט אַלעקסאַנדריע און קאַהיראָ[121]).

דאָס 11-טע יאָרהונדערט, דאָס יאָרהונדערט פֿונ׳ם אויפֿבליה פֿון די שטעט, האָט געבראַכט אַ שטאַרקע ענדערונג אינ׳ם האַנדעל פֿון די מערב יודען, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען גרויס און ברייט. אונטער דער ווירקונג פֿון די קרייץ-צוגען, וועלכע האָבען דערנענטערט די פֿעלקער איינע צו די אַנדערע, האָט זיך אומעדום פֿערקלענערט דער תהום, וואָס האָט פֿונאַנדערגעשיידט די פֿאַרשי־דענע אומות. די מלוכות פֿון צענטראַל-און צפֿון-אייראָפּא טרעטען-אַרויס פֿון זייער איזאָלירונג און אויפֿ׳ן אָרט פֿונ׳ם ביזאַהער אינטער-מוניציפּאַלען האַנדעל, דער האַנדעל מיט געוויסע פֿרעמדע שטעט, וועקט זיך אָן אינטערנאַציאָנאַלער האַנדעל. עס ענטוויקעלט זיך כסדר אַן׳אייראָפּעאישער סוחרים-שטאַנד מיט זיין ספּעציעלען רעכט. דער דאָזיגער שטאַנד הייבט-אָן פֿון 11-טען יאָרהונדערט אָן צו אָרגאַניזירען זיך אין סוחרים-גילדעס, כדי זיך אויסצוקעמ־פֿען זעלבשטענדיגקייט אַנטקעגען זיינע אויבערהאַרען און כדי צו שטיקען די קאָנקורענץ פֿון זיין ביזאהעריגען אַפּוטרופּוס, דעם יודישען סוחרים-שטאַנד, און סוף כל סוף איינגאַנצען אים אַרויס־צושטויסען. וואו דער דאָזיגער עמאַנציפּאַציאָנס-קאַמף פֿונ׳ם נישט־יודישען סוחרים-שטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען פֿריהער, דאָרט האָ־בען זיך אויך פֿריהער אַרויסגעוויזען די רדיפֿות אויף יודען, דער פּראָדוקט פֿון די דאָזיגע עקאָנאָמישע רייבונגען. מיר האָבען זיי

שוין געזעהן אַז ערך אין מיטען פון 10-טען יאָרהונדערט אין די אויפבליהענדע האַנדעלס-שטעט פון איטאַליען; אין דרום-פראַנק-רייך הייבען זיי זיך אָן אין 11-טען יאָרהונדערט, אין דייטשלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון 12-טען יאָרהונדערט, צום שפּעט-סטען אינ׳ם מזרח פון אייראָפּאַ, וועלכער האָט זיך אין דער האַנ-דעלס-טעטיגקייט פון די יודען צום לענגסטען נעבויטיגט. וואָס שפּעטער, אַלץ שאַרפער בעשטעטיגט זיך דער פאַקט, וועלכען דער היסטאָריקער ו. ראָשער כאַראַקטעריזירט מיט די ווערטער, אַז „די יודען-פּאָליטיק אינ׳ם מיטעלאַלטער שטייט אין אַ כמעט אומגע-קערטער פּראָפּאָרציע, ווי די איבריגע ווירטשאַפטליכע קולטור"[122].

מיר ווילען אָבער נעהנטער אויספאָרשען די סיבות, וועלכע האָבען אַרויסגערופען דעם שינוי אינ׳ם יודישען האַנדעל, פון 11-טען יאָרהונדערט אָן.

קודם-כל איז געוואָרען זיכט דעם 11-טען יאָרהונדערט אַ וויכטיגע ענדערונג אין דער רעכטליכער שטעלונג פון די יודען און מיט דער צייט האָט די ענדערונג אַלץ שטאַרקער געווירקט אויף זייער ווירטשאַפטליכער טעטיגקייט. אינ׳ם קאַמף פאַר די איבערהערשאַפט אינ׳ם לאַנד זענען די קירכען-שררות געווען די ערשטע, וועלכע האָבען פאַרשטאַנען אויסצונוצען זייער איינ-פלוס אויף די קריסטליכע מלכים, כדי צו פאַרפעסטיגען זייער אייגענע וועלטליכע מאַכט, און האָבען געשטרעבט צו קריגען במתנה פון די פרומע וועלטליכע שררות שטיקער ערד, נחלאות, און אויך מענשען וואָס האָבען קאַפּיטאַל. שוין אין 10-טען יאָרהונדערט האָט לודוויג, קעניג פון אַרל, אָנגעגעבען די יודען אַלס אַזעלכע במתנה דעם ביסקופ פון דער דאָזיגער שטאָט[123]. אין 975 האָט אָטאָ דער גרויסער בעשטימט, אַז די יודען און די איבריגע סוחרים אין מאַגדעבורג זאָלען שטיין בלויז אונטער דער מאַכט פונ׳ם ביסקופ[124]. מיט אַכט יאָר שפּעטער האָט אָטאָ דער 2-טער אוועק-געשענקט דעם ביסקופּאַט מערזעבורג אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען צווישען די מויערן פון דער שטאָט, צוזאַמען מיט די יודען און סוחרים[125]. אין יאָר 1004 האָט היינריך דער 2-טער צוריק אָפּ-געגעבען דעם ביסקופ פון מערזעבורג די יודען, וועלכע זענען פריהער געווען דעם ביסקופס, נאָר דורך אַ טויש האָט ער זיי געהאַט פערלוירען[126]. ענליך האָבען די נאָרמאַנישע פירשטען אין דרום-איטאַליען אין 11-טען יאָרהונדערט זיך געשאַפט מיט די יו-דען, וואָס האָבען דאָרט געוואוינט. אין 1090 האָט הערצאָג ראָד-זשער I. אוועקגעשענקט דעם אַרציביסקופ פון סאַלערנאָ דעם

יודישען קוואַרטאַל[127]).

די דאָזיגע אַוועקשענקונגען האָבען בעדייט נישט בלויז, אַז מען גיט אַוועק די אָפּגאָבען פון די יודען במתנה, נאָר אַז מען שענקט אַוועק די יודען בכלל, זייער האָב און גוטס צוזאַמען מיט זייער גוף[128]).

דער דאָזיגער איבערגאַנג פונ'ם יודען-שוץ פונ'ם קעניג אויף די שררות — וועלכער האָט שוין אין 12-טען יאָרהונדערט גע-בראַכט דערצו, אַז פון די יודען איז אַוועקגענומען געוואָרען די אייגענטליכסטע בעדינגונג פאַר אַ האַנדעלס-טעטיגקייט, דאָס פרייע בעוועגען זיך — האָט אָבער אין דער ערשטער צייט קיין גרויסע רעות נישט געטון. די קירכליכע און וועלטליכע שררות זענען דאָך בעזונדערס פאַראינטערעסירט געווען צו שטיצען די ענטוויקלונג פון אַ היימישען בירגער-שטאַנד, אַ טיכטיגען אין האַנדעל; און דער צופלוס פון יודישע קאַפּיטאַלען אין שטאָט אַריין איז דאָ געווען בכן שטאַרק געוואונשען. אגב איז דאָ געגאַנגען אויף דע-רין, וואָס די יודען זענען שטאַרק געניט געווען אין מסחר, און ביים שאַפען דיווירטשאַפטליכע יסודות פאַר דער אויפבליהונג פון אַ ניי געגרינדעטער שטאָט, ביים איינטיילען די אַרבייט און שאַ-פען די קאַפּיטאַלען, איז די יודישע געניטקייט אין מסחר בעזונ-דערס וויכטיג געווען. ווען מען האָט אַלזאָ אַריינגעצויגען די יודען צו דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פון די שטעט, האָט עס געהיי-סען, אַז מען מוז שאַפען פאַר זיי בעזונדערע פּריווילעגיעס, דאָס זיי זאָלען זיין אין זייער אייגענעם אינטערעס צוגעבונדען צו דער שטאָט און זאָלען נישט האָבען קיין חשק צו טוישען זייער וואוין-אָרט. דאָס האָבען געזאָלט בעוואָרענען די בעזונדערס גינסטיגע פּריווילעגיעס מצד די ביסקופען, פירשטען פונ'ם לאַנד און גרויסע שררות. כאַראַקטעריסטיש איז אינ'ם דאָזיגען פרט די הקדמה צו דעם שפּייער-פּריווילעגיום (1084)[129]), פון וועלכען עס ווייזט זיך בולט אַרויס די וויכטיגקייט פון די יודען פאַר דער גרינדונג פון דער שטאָט: אַז איך האָב געוואָלט פונ'ם דאָרף שפּייער מאַכען אַ שטאָט — זאָגט דער ביסקופ רידיגער — האָב איך געקלערט, אַז איך וועל טויזענד-פאַך פאַרגרעסערן דעם כבוד פון מיין אָרט, אויב איך וועל אין אים קאָנצענטרירען יודען".

אין דער צייט, אין וועלכער דער קריסטליכער סוחר איז נאָך פאַרטון געווען אין קאַמף געגען באַראָן פאַר זיין עמאַנציפּאַ-ציע, ווען ער איז נאָך אַליין גלייך מיט'ן יוד געשטאַנען אויף איין מדרגה מיט'ן גישט-פרייען, האָט נישט געקענט זיין קיין רייד פון

אַ קאָנקורענץ-קאַמף געגען דעם יודישען סוחר. אין די שטאָט-פּריווילעגיעס פון די שררות פיגורירען זיי אַלס גלייכבערעכטיגט, ביידע זענען זיי שוץ-בירגער, ביידע שטייען זיי אונטערן שוץ פונ'ם שטאָט-שררה און בעצאַלען זייער בעשטימטעס שוץ-געלד. נאָר דער קריסטליכער סוחר וואַרפט גאָר בעצייטענס אַראָפּ פון זיך דעם כאַראַקטער פון פרעמדען, אין דער צייט ווען פאַר'ן יודישען סוחר ווערט פאַרשטאַרקט די איזאָלאַציע, די אָפּזונדערונג. דער קריסטליכער סוחר ווערט פולער בירגער; ער פירט אויס, אַז ער בעטייליגט זיך אינ'ם שטאָט-ראַט און אינ'ם עפענטליכען געריכט, ער מאַכט זיין פּאָזיציע פאַר אַ פּאָליטישע, ער בעקומט דורכדעם מאַכט, כדי אויך צו האָבען די דעה איבער די פינאַנציעלע פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט לטובת זיינע ספּעציפישע ווירטשאַפטליכע אינטערעסען; און דער יודישער סוחר בלייבט דערווייל כמעט אינגאַנצען אויסגעשלאָסען פון דער שטאָט-ווירטשאַפט. אינגיכען שפירט ער און זעהט, אַז זיין קריסטליכער קאָנקורענט, וועלכער איז פּאָליטיש שטאַרקער, שטייגט אים אַריבער, און כדי זיך פונדעסטוועגען צו האַלטען מוז ער זיך אַריינלאָזען אין ווירטשאַפטליכע לעכער, וועלכע ווערען פאַר אים אַ קוועלע פון איינפלוס און פון געפאַר. אַזוי ווערט דער אַמאָליגער יודישער סוחר—דער פּראָפעסיאָנעלער חלפן און מלווה, געלד-וועקסלער און וואָכערניק, ער פאַרשאַפט זיך אַ ווירטשאַפטליך שטאַרקערע פּאָזיציע, נאָר ער בעצאָלט פאַר איר מיט סאָציאַלער אונטערדריקונג און מאָראַלישער דערנידערונג. „דאָס זינקען פון זיין סאָציאַלער פּאָזיציע איז פּראָפּאָרציאָנעל דעם שטייגען פון זיין ווירטשאַפטליכער בעדייטונג" [130]).—

ווען מיר נעמען זיך, נאָך די דאָזיגע אַלגעמיינע בעטראַכטונגען, קודם-כל צו די קוועלען, וועלכע האָבען אַ שייכות צום יודישען האַנדעל אין 11-טען יאָרהונדערט, הערט אונז אויפפאַלן דער פאַקט, וואָס גראָד דער יודישער סהורות - האַנדעל אין די מערב-לענדער האַלט שטאַרק אין פאַלען און וואָס די רייכע יודען אין אַלגעמיין גיבען זיך אָפּ מער מיט'ן געלד-האַנדעל און מיט די וואָכעריי-געשעפטען, הגם זיי זענען נאָך פונ'ם סחורות - האַנדעל גישט אינגאַנצען דערווייטערט.

דער יודישער האַנדעל האָט געמוזט נאָך זיין חיוש אין דייטשלאַנד אין 11-טען יאָרהונדערט; דען די הנחות פאַר די יודען, וועלכע מען האָט גערופען צו בעזעצען זיך אין די ניי געגרינדעטע שטעט, זענען אויסערגעוויינליך גרויס און לאָזען זיך ערקלערען בלויז מיט דער וויכטיגקייט פון די יודען פאַר'ן האַנדעל אין די

פירעוודיגע האַנדעלס-בעציהונגען, וואָס מאַינץ האָט געהאַט מיט די שטעט ביים רהיין און מאַין, האָבען די יודען גענומען אַ לעבהאַפּטען אַנטייל. צווישען די מאַינצער סוחרים, וואָס זענען געקומען אויפ'ן קעלנער יריד, האָבען זיך געוויינליך געפונען אויך יודען, און נישט בלויז יודישע נגידים האָבען עס געמאַכט די נסיעות קיין קעלן; אָרימערע פלעגען מאַכען הלוואות ביי די רייכערע יודען, כדי צו קענען פאָרען צום יריד. אָפט האָבען אפילו די פירשטען אַרויסגעהאָלפען די יודישע סוחרים מיט געלט, כדי זיי זאָלען קענען „קויפען און פאַרקויפען" [131].

אַ בעדייטענדען אַנטייל אינ'ם צווישען-האַנדעל אין דייטשלאַנד האָבען נאָך געהאַט אין 11-טען יאָרהונדערט צוגלייך מיט די מאַינצער יודען אויך די יודען פון וואָרמס, וועלכע פלעגען פאָרען אין האַנדעלס-געשעפטען קיין פראַנקפורט, באָפּאַרד, האַמערשטיין, דאָרטמונד, גאָסלאַר און אַנגערן. דאָס זעהט מען פון היינריך דעם 4-טענס אַ בעשטימונג, לויט וועלכער די יודען זענען אין די דערמאָנטע שטעדט בעפרייט געוואָרען פון די צאָלען [132] אַלס סחורות, וואָס די יודישע הענדלער האָבען געפירט, ווערען דערמאָהנט — וויין, פאַרב-מאַטעריאַלען, רפואות'ן [133], זאַלץ [134], פלייש [135] — אַלזאָ צווישען אַנדערעס אויך לעבענס מיטלען, מיט וועלכע עס האָבען געמעגט האַנדלען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען נישט אָנגעהערט צו די סוחרים-גילדעס [136]. ביי דעם דעטאַילהאַנדעל, מיט וועלכען עס האָט זיך פאַרנומען דער רוב פון די דייטשע יודען, האָבען די רייכע געהאַט אַלס אַ נעבען-פרנסה אויך דעם גרויס-האַנדעל. אַזוי האָבען זיי געליפערט רויכוואַרג פון רוסלאַנד און האָבען אַזוי ווי פריהער אָבגעזעצט צו די פראַנצויזישע יודען [137] די שקלאַפען, וואָס זיי האָבען אויפגעקויפט אין די סלאַווישע לענדער, און די פראַנצויזישע יודען האָבען ווידער עקספּלאָטירט די שקלאַפען קיין שפּאַניען. אַזוי האָט יודיטאַ, די פרומע פרוי פונ'ם פוילישען מלך וולאַדיסלאַוו I, פאַרטון אַסך געלד, אויף אויסצוקויפען קריסטען פון די הענד פון יודישע שקלאַפען-הענדלער [138]. נישט אַזעלכע צדיקים זענען געווען די מאַרקגראַפען פון דער מזרח-געגענד: יענע האָבען דווקא אָפט אונטערשטיצט די אָנגעפאָרענע יודישע שקלאַפען-הענדלער און זיי צוגעשטעלט מענשען אַלס סחורה פאַר זייער האַנדעל. נישט זעלטען האָבען די מאַרקגראַפען פאַרקויפט צו די יודען זייערע פאַנשציזניקעס אַלס שקלאַפען [139].

די פראַנצויזישע יודען זענען געשטאַנען אין האַנדעלס-פער-

בינדונגען מיט די איטאַליענישע שטעט, דערהויפּט מיט די ווע-נעציאַנער און אַמאַלפיאַנער; חוץ דעם האָבען זיי געטריבען גאָר אַ גרויסע פערד-האַנדעל. פערד האָבען זיי געקריגען צוגעשטעלט פון די שפּאַנישע יודען [140], מן-הסתם אויסגעטוישט אויף שקלאַ-פען. בעזונדערס האָט געבליהט אין פראַנקרייך דער יודישער וויין-האַנדעל. די יודען האָבען דאָ פאַרמאָגט זייערע אייגענע וויין-גערטנער.

די פראַנצויזישע יודען, וועלכע האָבען פון 11-טען יאָר-הונדערט-אָן זיך אָנגעהויבען אין גרויסע מאַסען בעזעצען אין ענג-לאַנד, זענען ווייזט אויס געווען לויטער סוחרים: ווייל פון איין זייט איז דורך אַ געזעץ פון עדוואַרד דעם פרומען (1042—1066) פאַרווערט געווען פאַר פראַצענטניקעס זיך אויפצוהאַלטען אינ'ם לאַנד, און טאָמער איז דערוויזען געוואָרען אַז עמיץ נעמט וואָכער איז אים פאַרגעשטאַנען די קאָנפיסקאַציע פון זיין פערמעגען און דאָס פערלירען די רעכט [141], און פון דער אנדער זייט ווידער קאָן ערקלערט ווערען די פריינדליכע אויפנאַמע, וואָס זיי האָבען דאָ געהאַט, בלויז דורך זייער גרויסער בעדייטונג פאַר'ן האַנדעל. אין משך פונ'ם 11-טען יאָרהונדערט ווערען אָפטער דערמאָנט ענגלישע יודען, וועלכע האָבען געמאַכט קניות אין פראַנצויזישע האַנדעלס-שטעט [142].

דאָס 12-טע יאָרהונדערט איז געווען אַ צייט, ווען עס האָט געבליהט דער יודישער געלד-האַנדעל און וואָכעריי. דאַגעגען דער יודישער סחורות-האַנדעל אין מערב-אייראָפּאַ קאָן דעמאָלט לויט זיין בעדייטונג קוים נאָכהאַלטען דעם געלד-האַנדעל. אַן אויסנאַם איז געווען שפּאַניען, וואו דער יודישער סחורות-האַנדעל אין 12-טען יאָרהונדערט איז נאָך געווען אַזוי ברייט און רייך, אַז צ. ב. יודישע סוחרים אין טאָלעדאָ אַן ערך אין 1295 זענען געווען אימשטאַנד, פאַר אַלפאָנס'ן דעם 3-טען, צונויפצוברענגען און אויס-צוהאַלטען אַן אַרמעע פון 25,000 רייטער און 20,000 פוסגייער [143].

די מערב-אייראָפּעאישע שטעט זענען אין 12-טען יאָר-הונדערט געווען שוין גענוג שטאַרק, אויף צו טרייבען אַן איי-גענעם אַקטיווען האַנדעל, דעריבער קוקט מען דעמאָלט אויפ'ן פרעמדען סוחר (און דער יודישער סוחר איז דאָך אַזעלכער גע-ווען) וואָס ווייטער אַלץ מער קרום. די גילדעס פירען דורך אַ פאַרבאָט פאַר פרעמדע סוחרים צו קויפען סחורות, כדי דאָס צו פאַרקויפען אויפ'ן אָרט גופא, ס'הייסט: עס ווערט פאַר זיי פאַר-ווערט דער דעטאַיל-האַנדעל. דעסגלייכען פאַרשפּרייט זיך אומע-

דום דער פאַרבאָט, צו מאַכען געשעפטען מיט די דאָרף-איינוואוינער אויסערהאַלב פון דער שטאָט. אַרויסגעשטויסען כסדר פונ'ם דעטאַיל-האַנדעל אַלץ מער און מער, זענען די יודען אַזוי זוי די פרעמדע סוחרים אָנגעוויזען אויפ'ן גרויס-האַנדעל. ווייל דער קליין-האַנדעל איז געווען אַ פריווילעגיע פון בעשטימטע בירגער-גרופען, קודם-כל פון די האַנדווערקער-צעכען; דער גרויס-האַנדעל איז אָבער פריי געווען פאַר יעדען איינעם[144]; די יודען, עווענטועל די רייכערע צווישען זיי, קאָנען זיך אָפּגעבען בלויז מיט'ן דאָזיגען האַנדעל און אַז זיי ברענגען סחורות אין שטאָט אַריין מעגען זיי עס על פי דין אָפּזעצען בלויז אויפ'ן הורט אַמאָל, דהיינו אויסשליסליך בלויז אין די מאַרק-טעג, ווערט זיי ערלויבט דער קליין-האַנדעל. שטאָבע'ס מיינונג[145], אַז די יודען, וועלכע האָבען אין די סוחרים-גילדעס נישט געטאָרט אַריינטרעטען, איז דערום דער האַנדעל בכלל פאַרווערט געווען, איז בנוגע דעם גרויס-האַנדעל נישט ריכטיג. מיט לעבענסמיטלען האָבען די יודען געמעגט פירען אויך אַ דעטאַל-האַנדעל אָן שום בעגרענצונגען. די ערשטע בעגרענצונגען אינ'ם דאָזיגען פרט דאַטירען פונ'ם סוף פון 14-טען יאָרהונדערט. זיי זענען ציטירט ביי שטאָבע'ן (נאָטע 9, ז. 233) און זיי רעדען גיכער געגען זיין סברה אַז „דערפאַר טרעפען מיר אַזוי זעלטען בפירוש'ע בעשטימונגען וואָס פאַרווערען די יודען דעם האַנדעל, ווייל סוחר'ישע געשעפטען האָבען געמעגט טרייבען בלויז מיט גלידער פון די סוחרים-גילדעס".

אין ענגלאַנד האָבען די יודען אין 12-טען יאָרהונדערט גע-האַט די פולע פרייהייט פון לאָקאָמאָציע, אָן שום בעגרענצונגען האָבען זיי געמעגט אַרומפאָרען און אַריבערפאָרען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען. אינ'ם צווישען-האַנדעל האָבען זיי זיך לעבהאַפט בעטייליגט, נאָך ביז אין 13-טען יאָרהונדערט אַריין. די בערימטע כאַרטאַ יודעאָרום (טשאַרטער פאַר יודען) פון יאָר 1200 האָט בע-פרייט די יודען (אַרט. 13) אין גאַנץ ענגלאַנד און נאָרמאַנדיען פון די געוויינליכע אָפּגאָבען און צאָלען. דער הויפט-אַרטיקעל פון זייער האַנדעל איז געווען וויין[146].

אויך אין פראַנקרייך האָט אין 12-טען יאָרהונדערט געבליהט דער יודישער וויין-האַנדעל. די יודען האָבען פאַרמאָגט זייערע אייגענע וויין-גערטנער (דערהויפּט אין בורגונדיען). נאָכ'ן גירוש פון די יודען אַן ערך אין 1182 האָט דער קעניג קאָנפיסקירט זייערע אַלע אומבעוועגליכע גיטער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען, — ווי עס גיבען-אָן די קוועלען[147], — אויך וויינגערט-

נער און חיין-קאָלטערס (טאָרקולאַרעס).

אין דרום-פראַנקרייך האָבען די יודען געהאַנדעלט מיט פּאַרב-שטאָפען, מן-החתם האָבען זיי דעם דאָזיגען האַנדעל געפירט אויך מיט אויסלאַנד. אַז דער האַנדעל מיט'ן דאָזיגען אַרטיקעל איז געפירט געוואָרען גאָר אויף'ן גרויסען שטייגער, דערוויזט דער אומשטאַנד, וואָס אַנ'ערך אין מיטען פון 12-טען יאָרהונדערט האָבען די יודען אָפּגעקויפט ביים אַרציביסקופּ פון אַרל דעם גאַנצען קערמעס, וואָס מען האָט אויפגעקליבען אין סען-שאַמאַן און אַנדערע ערטער פון זיין ראַיאָן [148]). פאַרהאַן אַפילו אַ מיינונג, אַז דער פעפער-שטייער, וואָס די יודען האָבען געצאָלט אין אַך ערטער אין פראַנקרייך, איטאַליען און דייטשלאַנד אין 12-טען יאָרהונדערט און אויך שפּעטער, דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס בעווייז, אַז די יודען האָבען אַפילו נאָך אין 12-טען יאָרהונדערט געפירט אַ געווירץ-האַנדעל — אָבער מען דאַרף דערין מסופק זיין ווייל אין די שפּעטערדיגע צייטען פון מיטעלאַלטער זענען אַפילו אויף פויערים אַרויפגעלעגט געוואָרען פיל מאָל פעפער-שטייערען[149]).

אין דייטשלאַנד, וואו די פירשטען האָבען נישט שטענדיג סימפּאַטיזירט מיט די בירגער, וועלכע האָבען זיך עמאַנציפּירט פון זייער רשות, זענען נאָך די יודען אַ לאַנגע צייט געווען אין אַ גינסטיגער לאַגע, דערהויפּט אין די רייכס-שטעט. די יודען וואָס האָבען אָנגעהערט צו דער קייזערליכער קאַמער אין רעגענסבורג, האָבען בעקומען אין יאָר 1182 [160]) אַ פּריווילעגיום, וועלכעס האָט זיי געגעבען דאָס רעכט צו פאַרקויפען אַלערהאַנד האַנדלעס-אַרטיקלען און אויף זייער אַלטען שטייגער (antiquo more suo) צו קויפען. פון דער דאָזיגער אויסערגעוויינליך גינסטיגער פּריווילעגיע ווייזט זיך ווייטער אַרויס, אַז דער וויכטיגסטער האַנדעלס-געגענשטאַנד פון די יודען איז געווען — דאָס געלט. אין דער ערשטער שורה ווערט זיי ערלויבט אינ'ם דערמאָנטען פּריווילעגיום „גאָלד, זילבער און אַלערהאַנד מעטאַלען" צו פאַרקויפען. דאָס מין תּלפנות, דאָס טוישען געלד, איז געווען אין מיטעלאַלטער אַסך אַ וויכטיגערעס געשעפט, ווי אין אונזערע צייטען, ווייל דעמאָלט האָבען עקזיסטירט זייער פאַרשידענאַרטיגע מינים געלד און קיין געלד-קורס איז נאָך נישט געווען, אין דער צייט ווען אין יעדען אָרט האָט מען געמוזט צאָלען מיט די סאָרטען געלט וואָס האָבען דאָרט אָנגענאָלטען [161]). וואו עס האָט זיך געפונען אַ מינץ, האָבען געמעגט טרייבען טויש-געשעפטען בלויז די מענשען פון דער מינץ; אָבער אַפילו אין אַזעלכע ערטער איז געמעגט געווען אַן אויסנאַם

פאַר די יודישע געלט-טוישער [152]). די יודען האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו מאַכען טויש-געשעפטען צוליב זייערע זאַפּאַסע מזומנים איידעלע מעטאַלען, וואָס זיי האָבען זיך געוואוסט צו פאַרשאַפען. אָבער שוין נאָכ׳ן מיטען פון 12-טען יאָרהונדערט האָט די קאָנקורענץ פון די מינץ-לייט אָנגעהויבען שטערען זיי אין די געשעפטען פון געלד-טויש; די מינצער האָבען דערביי בעשולדיגט די יודען, אַז זיי פאַרשפּרייטען פאַלשע געלד [153].

אויסער די געלד-געשעפטען איז נאָך דער סחורות-האַנדעל געווען די הויפּט-בעשעפטיגונג פון די דייטשע יודען אין 12-טען יאָרהונדערט. אַלענפאַלס האָט דאָס רוב יודען זיך פאַרנומען מיט׳ן קליין-האַנדעל, ווי מען זעהט אַרויס פון די נאָטיצען פונ׳ם משומד הערמאַן [154], וועלכער דערציילט, אַז בשעת ער איז נאָך געווען אַ יוד, אין עלטער פון 20 יאָר (אַן ערך 1127), איז ער געפאָרען פון קעלן קיין מאַינץ, כדי זיך אָפּצוגעבען מיט מסחר, ווייל „אַלע יודען פאַרנעמען זיך מיט מסחר" (siquidem omnes Iudaei negotiationi inserviunt.. קאַפּיטעל 2). אויף דעם שלעכטען מצב פון די יודישע קליין-הענדלער ווייזען-אָן די ווערטער פון אליעזר בן נתן (אַן ערך 1140): „מיר קאָנען דאָך בלויז פון מסחר האָבען פרנסה" [155].

דער גרויסהאַנדעל פון די מערב-יודען איז אין 12-טען יאָר-הונדערט געווען נישט קיין פעסטע פרנסה, און נישט ער האָט זיך געקאָנט פערגלייכען לויט זיינע רווחים מיט דעם מסחר אין די פריהערדיגע יאָרהונדערטען. אַ שטאַרקע מניעה איז געווען דאָס רעכט, וואָס די שטעט האָבען געהאַט, צו נעמען אַן אָבצאָל פון דעם פרעמדען סוחר, וועלכער איז דורכגעפאָהרען דורך זיי: צוליב דעם דאָזיגען אָבצאָל איז אויסגעקומען, אַז אַ גרויסער טייל פונ׳ם פערדינסט, וואָס דער יודישער סוחר האָט געהאַט פון זייגע האַנדעלס-געשעפטען, איז אַריינגעפאַלען צו דער שטאָט, וועלכע ער האָט געמוזט דורכפאָרען. וועגען דעם יודישען שקלאַ-פען-האַנדעל אין מערב-אייראָפּאַ ווערט שוין אין 12-טען יאָרהונ-דערט קיין וואָרט נישט דערמאָנט. אין דייטשלאַנד זענען זיכער זיינע לעצטע שפורען דיביידע נאָטיצען ביים צאָל פון אַלענשטאַדט און פון קאָבלענץ[156]), אַז די יודען דאַרפען פאַר יעדען שקלאַף וואָס מען פאַרקויפט בעצאָלען 4 דענאַרען אינ׳ם צאָל-אַמט. דערגעגען ווייזט אויס, אַז אין די סלאַווען-לענדער איז נאָך דער יודישער שקלאַפען-האַנדעל לעבהאַפט געווען אין 12-טען יאָרהונדערט. אין די מסעות בנימין מטודילא (אין מיטען פון 12-טען יאָרהונדערט)

רופט-אָן דער מחבר די אַלע סלאַווישע מדינות מיט'ן נאָמען „כנען", דערפאַר וואָס זייערע איינוואוינער (די סלאַוען) האָבען די מידה „צו פאַרקויפען זייערע זיהן און טעכטער צו אַנדערע פעלקער"[157]. אין אונגאַרן האָט קאָלאָמאַן אַן ערך אין 1100 פאַר-ווערט די יודען צו קויפען קריסטליכע שקלאַפען[158]. באַר עס ווייזט אויס, אַז קאָלאָמאַנ'ס פאַרבאָט בנוגע די קריסטליכע שקלאַ-פען, דעסגלייכען דער פערבאָט פון אַנדרעאַס II. (אָנהויב פון 13-טען יאָרהונדערט) איז נישט דורכגעפיהרט געוואָרען מיט'ן חומר הדין, אויב די שקלאַפען זענען געוואָרען יודען[159].

דער יודישער גרויסהאַנדעל האָט זיך קאָנצענטרירט דער-הויפט אין מזרח-אייראָפּאַ, ער האָט אָבער געפירט אויך מיט דייטשלאַנד אַ מסחר מיט ספּעציעלע האַנדעלס-אַרטיקלען. אַזוי דערציילט אליעזר בן נתן וועגען נסיעות קיין פוילען. יצחק בן דורבלה דערמאָנט יודישע סוחרים, וועלכע האָבען געמאַכט נסיעות קיין פוילען און ער אַליין איז דאָר-טען געוועזן. ר' מאיר מרוטענבורג רעדט וועגען פויליש-דייטשע האַנדעלס-פערבינדונגען. אונגאַר-וויין איז געפירט געוואָרען צום רהיין-צו און האָט קאָנקורירט מיט'ן פראַנקישען[160]. אינ'ם „אור זרוע", וועלכער איז געשריבען אין אָנהויב פון 13-טען יאָרהונדערט (I ז' 196, נומער 694) איז גערעדט וועגען יודי-שע סוחרים, וועלכע זענען געפאָרען פון בולגאַריען, דעם „גרי-כישען כנען" און קאָנסטאַנטינאָפּאָל קיין פראָג[161]. אינ'ם זעלבען אָרט ווערען אויך דערמאָנט יודען, וועלכע האָבען געפירט אַ האַנדעל פון אונגאַרן קיין עסטרייך מיט געזאַלצענע פיש[162]. אין עסטרייך, וואו די האַנדעלס-פּאָליטיק פון די באַבענבערגער האָט פון איין זייט צוגעצויגען יודישע סוחרים און זיי פראָטעזשירט, אָבער פון דער אַנדער זייט האָט זי געשטרעבט צו שאַפען אַ נאַ-ציאָנאַלען האַנדעל און די סוחרים פונ'ם אייגענעם בירגער-שטאַנד זאָלען סוף-כל-סוף בעקומען די אויבערהאַנד איבער די פרעמדע סוחרים, איז פון 13-טען יאָרהונדערט אָן דער פּלאַץ פאַר די האַנדעלס-אָפּעראַציעס פון די יודען געוואָרען כסדר אַלץ מער בעגרענצט, אַזוי אַז די עסטרייכישע יודען האָבען זיך כסדר פער-לייגט אויף געלד-געשעפטען[163].

דאַגעגען אינ'ם ווייטערען מזרח, אין פוילען און רוסלאַנד, האָבען זיי נאָך אַן ערך אַ הונדערט יאָר צייט זיך פאַרנומען דערהויפּט מיט מסחר.

די יודען אין רוסיגען-לאַנד האָבען געפירט אַ ברייטען

זאַלץ-האַנדעל, אין וועלכע זיי זענען אונטערגעשטיצט געוואָרען דורך די רעגענטען[164]. אויך אין פּוילען האָבען זיי פאַרנומען דעם אויבען-אָן אין מסחר. אין די הויפּט-שטעט פון די הערצאָג-טומס האָבען זיי פאַרמאָגט די וויכטיגסטע מאַגאַזינען[165].

ביז נאָכ'ן מיטען פון 13-טען יאָרהונדערט האָבען געשטראָמט קיין פּוילען פונ'ם מערב די יודישע קאָלאָניסטען, וואָס זענען אַהין געטריבען געוואָרען.

אין דער צייט ווען דער יוד אין מערב-אייראָפּאַ איז פון מיטען 12-טען יאָרהונדערט אָן געווען אידענטיש מיט'ן פּראָצענט-ניק, מיט'ן וואָכערניק[167], איז ער אין מזרח-אייראָפּאַ נאָך אַלץ געווען אין דער ערשטער שורה דער סוחר, און ער איז געבלי-בען אויף זיין דאָזיגער פּאָזיציע, ביז פּוילען איז פאַרפלייצט גע-וואָרען דורך דער דייטשער קאָלאָניזאַציע און ביז עס האָבען אויפגעבליט די שטעט אין דער צייט פון קאַזימיר דעם גרויסען.

# III. די יודישע קרעדיט-געשעפטען אין די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער.

## 1. אַלגעמיינעס איבער די יודישע קרעדיט-געשעפטען.

שוין אינ'ם פריסטען מיטעלאַלטער, נישט קוקענדיג אויף די פּרימיטיווע ווירטשאַפטליכע צושטאַנדען, האָט אָן ספק עקזיסטירט דאָס פאָלקס-ווירטשאַפטליכע בעדערפניש אין הלוואה-געשעפטען. די תמימות'דיגע וועלט, וואו אַפילו דער זקן מיט דער זילבערנער באָרד האָט נישט געוואוסט צו ענטפערען אויף דער פראַגע, וואָס איז אַזוינס אָן הלוואה, עקזיסטירט בלויז אינ'ם גבול פון דער פּאָעזיע.

אמת, די סאָציאָלאָגען בויען-אויף דעם כלל, אַז אין די צייטען, ווען אַ פאָלק געפינט זיך אין אַ באַרבאַרישען צושטאַנד, ווען בלויז דער קריגס-מאַן האָט די חשיבות, קומען-אָן די געלט-געשעפטען צו די שקלאַפען און די פרעמדע. אָבער פונדעסטוועגען די היסטאָרישע פאַקטען, וועלכע זענען אונז בעקאַנט, בערעכטיגען אונז נישט אָנצונעמען די השערה, אַז די יודען, די שטענ-דיגע פרעמדע צווישען די אומות אין די ערשטע צייטען פונ'ם מיטעלאַלטער, זאָלען האָבען פון אַלטע צייטען געהאַט פ אַ ר ז י-ע ר פרנסה די בעפרידיגונג פונ'ם דאָזיגען ווירטשאַפטליכען בע-דערפניש.

דער יוד איז די ערשטע צייטען פונ'ם מיטעלאַלטער געווען אין דער ערשטער שורה סוחר און בלויז ביי אַן אָקאַזיע האָט ער

זיך פֿאַרנומען מיט געלט-געשעפֿטען. וועגן אַ ספּעציפֿיש יודישער וואָכערײַ הערען מיר בכּלל גאָרנישט ביז'ן 11-טען יאָרהונדערט, הגם אין די קוועלען ווערט זיך אַסאַך מאָל בעקלאָגט אויף די תּאווה פֿון די גייסטליכע און פֿונ'ם פּראָסטען עולם צו וואָכערײַ. מיר דערמאָנען בלויז די קאָנציליען אין קאָנסטאַנץ 814, אין פּאַריז 829, אין וואָרמס 829, וועלכע האָבען געשטרעבט צו האַמעווען די צעקאָכטקייט (rabies) פֿון די גייסטליכע און לייט פֿון פּשוט'ן עולם, וועלכע טרייבען כּל-המיני וואָכערײַ, ווייל אַסאַך מענשען זענען צוליב דער עקספּלואַטאַציע פֿון די וואָכערניקעס פֿאַראָרימט געוואָרען, רואינירט געוואָרען פֿאַר דחקות און נויט אָדער געצוואונגען געוואָרען אויסצוּוואַנדערען און פֿאַרוואָגעלט ווערען אין דער פֿרעמד[168]. אין דער צייט, וואָס דאָ זעהען מיר שוין אַ ביישפּיל פֿון פֿאַרווילדערונג אין דער געשעפֿט-פּראַקטיק, מעג מען האַלטען וועגן דער בעמערקונג פֿון סידאָניוס אַפּאָלינאַריס (472) איבער יודישע געשעפֿטסלייט, אַז זיי פֿירען בלויז אָרענטליכע געשעפֿטען (solent hujusce modi homines honestas habere causas), אַז אין תּוך גענומען האָט זי געגאָלטען אַלס אַלגעמיינע אָנשויאונג ביז'ן 11-טען יאָרהונדערט[169]).

צום ערשטען מאָל ווערען אומדירעקט דערמאָנט יודישע מלווים פֿון געלד אין יאָר 508 צוליב דעם אויפֿטו פֿון אַ ביסקופּ אין אַרל, וועלכער האָט אויסגעגעבען די כּלים און די צירונג פֿון די קירכען אויף פּדיון שבויים, אויף אויסקויפֿען געפֿאַנגענע, כּדי קיינער פֿון זיי זאָל צוליב חובות נישט דערפֿירט ווערען צו ווערען אַן אַריאַנער אָדער אַ יוד[170]). שוין די צונויפֿשטעלונג פֿון יודען מיט אַריאַנער בעווייזט,--ווי אַראָניוס בעמערקט עס ריכטיג —אַז דער ביסקופּ קלערט גאָרנישט וועגן די געלט-הלוואות פֿון די יודען אַלס וועגן זייערס אַ ספּעציעלער פּראָפֿעסיע. פֿון 6-טען ביז'ן סוף פֿון 10-טען יאָרהונדערט האָבען מיר בלויז פֿאַראייַנצעלטע ידיעות איבער הלוואות-געשעפֿטען פֿון די יודען. אַזוי געפֿינט זיך אַרום דאָס יאָר 584 דער יוד אַרמענטאַריוס ביי אַ וויקאַריוס און ביי אַ גראַף איינאָמיוס פֿון טור, כּדי זיי פֿאַרצולעגען וועקסלען, וואָס דיזעלבע האָבען אים אויסגעשטעלט אויף די עפֿענטליכע אָפּגאָבען[171]). דאָס בערימטע „קאַפּיטולאַרע דע יודעאיס" (814), וועלכעס מען האַלט פֿאַר אַ דאָקומענט פֿון קאַרל דעם גרויסענס צייט נאָר מען צווייפֿעלט שטאַרק אין זיין עכטקייט, אין וועלכען עס געפֿינען זיך די בעשטימונגען, אַז אַ יוד זאָל זיך נישט דערזעגען אָנצונעמען קירכען-כּלים אַלס משכּון אָדער אַלס דעקונג

פון אַ חוב, ווייל אַלס שטראָף וועט מען אים קאָנפיסקירען דאָס פאַרמעגען און אָראָפּהאַקען די רעכטע האַנד — איז דער איינציגער יסוד, אויף וועלכען קאַרל ביכער בויט די סברה, אַז די יודען אין די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער „האָבען זיך בעטייליגט אינ׳ם האַנדעל נישט אַנדערש ווי נאָך די קרייץ-צוגען, ס׳הייסט: מיט אַזעלכע אָפּעראַציעס, וועלכע האָבען זיך אַריינגעפּאַסט אין די ראַמען פונ׳ם געלד-געשעפט"[172]. די דאָזיגע סברה, וועלכע פאַרלייקענט די דאָמינירענדע פּאָזיציע פון די יודען אינ׳ם סחורות-האַנדעל אין די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער — איז נאָך דעם וואָס מיר האָבען געשילדערט אינ׳ם פאָריגען קאַפּיטעל לגמרי נישט ריכטיג. אויך די ווייטערדיגע פאַראייכצעלטע ידיעות וועגען יודישע געלד-מלווים קאָנען אין תוך גענומען גאָרנישט ענדערן אין דער הנחה, אַז די יודען האָבען ערשט פון 11-טען יאָרהונדערט אָן אָנגעהויבען אין מערב-אייראָפּאַ זיך פאַרנעמען מיט אויסבאָרגען געלד אַלס פּראָפעסיע. אינ׳ם האַנדבוך „ליבער מאַנואַליס" (געשריבען אַרום 841—844) דערציילט דאָדאַנאַ, די אלמנה פונ׳ם גראַף בערנהאַרד פון טולוז, אַז זי האָט אָפטערס געבאָרגט גרויסע סומעס געלד ביי קריסטען און אויך ביי יודען[173]. אַן אַנדער קוועלע פון 10-טען יאָרהונדערט דערציילט ווידער, אַז אַרסינדע, גרעפין פון קאַרקאַסאָן, האָט אַן ערך אין 959 פאַרמשכונט אירע ירושה-נחלאות אין נאַרבאָנאַ ביי צוויי יודען פאַר אַ הלוואה פון 1000 סו[174]).

וועגען אַ זעלבשטענדיגען יודישען געלט-האַנדעל קאָן נאַטירליך אין יענער צייט קיין רייד נישט זיין. די געלד-געשעפטען, וועלכע זענען געווען צונויפגעבונדען מיט׳ן יודישען סחורות-האַנדעל ביז דער צייט ווען אין מערב-אייראָפּאַ האָבען אויפגעבליט די שטעט, זענען געבויט געווען דער עיקר אויף די אָפּעראַציעס פונ׳ם „חלפן", דעם „וועקסלער", וועלכער איז געווען דער שטענדיגער בעגלייטער פונ׳ם סחורות-הענדלער, ווייל ער פלעגט פּרובען דאָס „געלט", דאָס געוויכט און קוואַליטעט דערפון, און פלעגט בעזאָרגען דעם אויסטויש פון געלט[175]). ממשות׳דיג האָט זיך געענדערט די לאַגע פון 11-טען יאָרהונדערט אָן. ביז דעמאָלט זענען הלוואות געוויינליך גענומען געוואָרען אין פאַל פון אַ פּלוצלינגען אומגליק, אַן אומגעריכטער צרה אָדער אויף אונפּראָדוקטיווע הוצאות. אָבער פון 11-טען יאָרהונדערט אָן, ווען די קולטור האָט ווידער אָנגעהויבען זיך אַנטוויקלען און דער מסחר האָט געשפּילט אַ גרע- סערע ראָלע אין האַנדעל און לייען איז מיט יעדן טאָג געוואַ-

רען אַלץ אַ גרעסער בעדערפניש, האָט זיך געעפענט אַ נײַ פעלד פון גוטער פרנסה. דער גלח׳ישער איסור צו נעהמען פּראָצענטען איז לכתחילה אַרויסגעגעבען געוואָרען בײַ אַזאַ פאָלקסווירטשאַפט וואָס איז נאָך געשטאַנען געגוג נידריג און האָט איהם דעריבער געקאָנט לײַכט דערטראָגען, אָבער פון 11-טען יאָרהונדערט אָן ווען די בעדערפנישען אין קרעדיט האָבען כסדר געהאַלטען אין וואַקסען און דעריבער האָט זיך עס געלאָזט שפירען אין די אויפבליהענדע שטעט, איז דער דאָזיגער פאַרבאָט געוואָרען פאַר דעם עקאָנאָמישען לעבען, ווי קייטען, וואָס זייער דרוק איז נישט מעגליך אויסצוהאַלטען. תחילת האָט דער פּראָצענט-פאַרבאָט געהאַט אויף זײַן זײַט די עפענטליכע מיינונג, אָבער דערנאָך האָט ער זײַן חן פערלוירען. אין דאָס ווירטשאַפטליכע לעבען טרעטען אַרײַן נײַע מענשען, די פּראָפעסיאָנעלע מלווים, און זיי מאַכען די קרעדיט-געשעפטען פאַר אַ פרנסה, געגען וועלכער עס ווערען בטל די רווחים פונ׳ם האַנדעל.

די יודען זענען ממש ווי אַרײַנגעשלעפט געוואָרען מיט כח אין די דאָזיגע וויכטיגע פּאָזיציע אין דער ווירטשאַפטס-אָרדנונג פונ׳ם מיטעלאַלטער. אין יענע קאַפּיטאַל-אָרימע צײַטען זענען זיי, די יודען, געוועזען די איינציגע, וועלכע האָבען פאַרמאָגט גרעסערע מזומנ׳ע פערמעגענס אין איידעלע מעטאַלען. די דאָזיגע פאַרמעגענס האָבען געשטאַמט פון זייער פריהערדיגען מסחר מיט׳ן אָריענט, וואָס זײַן פונדאַמענט זענען געוועזען די איידעלע מעטאַלען און די שקלאַפען, די איינציג מעגליכע אַרטיקלען, וואָס דער אייראָפּעאישער מערב האָט געקאָנט אַנטקעגען-געבען דעם אָריענט. חוץ דעם זענען די יודען צוליב דער אומזיכערקייט פון זייער אויסערליכער לאַגע שטענדיג נוטה געווען צו האָבען זייער פאַרמעגען וואָס מער אין מטלטלים אין בעוועגליכע גיטער, כדי זיי זאָלען גרינגער קאָנען ראַטעווען זייער האָב און גוטס אין אַ שעת-סכנה. דאָס אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט וועגען זייער רײַכטום, האָט געוויינליך אַ שייכות צום פאַרמעגענען אין גאָלד און זילבער (176).

אין דער צײַט ווען דער קריסטליכער סוחר האָט כסדר אָפּגענומען פונ׳ם יוד אַלץ מער פּלאַץ, איז דער יוד, וואָס זײַן סאָציאַלע לאַגע איז זינט די קרײַץ-צוגען אַלץ טיפער געפאַלען, געצוואונגען געווען אויפצוזוכען אַ נײַעם מקור פון פרנסה, וואָס זאָל אים אין דער קומענדיגער צײַט צוהעלפען צוניפצוברענגען יענע קאַפּיטאַלען, וועלכע האָבען אים בעוואָרענט מיט׳ן שוץ פונ׳ם קעניג און פון די אַנדערע מאַגנאַטען. דאָ איז אים בעזונדערס צו

דער האַנד געווען דאָס מבטל מאַכען דעם פּראָצענט-פֿאַרבאָט
ווייל דאָס האָט אים ערלויבט, בעזונדערס אין דער ערשטער צייט
איידער נאָך די לאָמבאַרדיער און קאַהאָרסינער האָבען זיך אין
אַ גרעסערער צאָל בעזעצט אין דער פרעמד, כמעט צו מאָנאָפּאָלי-
זירען דאָס געשעפֿט פֿון אויסבאָרגען געלט. אויסער די דערמאָנטע
מאָמענטען האָט אויך דאָס פֿעאָדאַלע סיסטעם צוגעהאָלפֿען, אַז די
יודען זאָלען וואָס מער אריבערגיין פֿונ׳ם סחורות-האַנדעל צום
געלד-האַנדעל אויפֿ׳ן גרויסען שטייגער, ווייל דאָס פֿעאָדאַלע סיס-
טעם האָט זינט דעם אָנהויב פֿון 11-טען יאָרהונדערט איינגעשלאָ-
סען די יודען אין אַ ספּעציפֿישער רעכטליכער לאַגע. די פֿריהערדיגע
גאַסטפֿריינדשאַפֿט, פֿון וועלכער עס האָבען גענאָסען די יודען
אַלס פֿרעמדע, פֿאַרשווינדט זינט די קרייץ-צוגען, וועלכע זענען
דורך זייער בעגלייט-ערשיינונג, די רדיפֿות אויף יודען, געווען אַ
ספּעציעלער גורם צו שטעלען די יודען אין דער ריי פֿון מענשען
וואָס נויטיגען זיך אין אַ ספּעציעלען שוץ. צוליב דעם האָט זיך
אַנטוויקעלט דער בעגריף, אַז פֿאַר דעם ספּעציעלען שוץ, וואָס מען
גיט די יודען, מוזען זיי צאָלען ספּעציעלע אָפּגאָבען און נישט
עפּעס אַ קליינע סומע שוץ-געלט וואָס האָט בלויז אַ סימבאָלישע
בעדייטונג, אַזוי ווי עס איז אומעטום געצאָלט געוואָרען ביז׳ן 11-
טען יאָרהונדערט. די יודען זענען געוואָרען קאַמער-קנעכט און
זייערע אָפּגאָבען זענען גלייך מיט אַנדערע נוצבאַרע רעכט געוואָ-
רען אַ רעגאַל, אַ זכות פֿונ׳ם מלכות, וועלכעס איז כסדר צוזאַמען
מיט אַנדערע רעגאַליען אַריבערגעגאַנגען אין די זשעדנע הענט
פֿון די פֿירשטען. די לעצטע זענען ביי זייער דחקות אין געלד
פֿאַראינטערעסירט געווען אַרויפֿצושרויפֿען דאָס יודען-רעגאַל אַזוי
הויך ווי נאָר מעגליך, אָבער אַ פּעולה האָבען זיי געהאַט דערפֿון
בלויז דעמאָלט, ווען מען האָט די יודען געמאַכט ספּעציעלע הנחות
פֿאַר זייערע געשעפֿטען. די וואָכער-פּריווילעגיעס, וואָס די מלכים
און פֿירשטען האָבען געגעבען די יודען צוליב זייערע אייגעננוציגע
מאָטיווען, זענען געווען, ווען אַפֿילו נישט דער ערשטער, איז יע-
דענפֿאַלס דער שטאַרקסטער מאָטיוו, וועלכער האָט אַריינגעוואָר-
פֿען די יודען אין די אָרעמס פֿון דער וואָכעריי און מיט דער
צייט דערפֿירט צו דער פֿאַרווילדערונג פֿון דער דאָזיגער בעקווע-
מער פּרנסה. די מלכים און מאַגנאַטען, ווען זיי האָבען פּראָטעזשירט
די יודישע וואָכעריי, האָבען זיך קיינמאָל נישט געפֿרעגט, וואָס
פֿאַר אַ נוצען קאָנען האָבען זייערע אונטערטאַנען פֿון די יודישע
פֿירער פֿון דער געלט-ווירטשאַפֿט. אין זייער אינטערעס איז גע-

לעגען אייגציג און אַליין צו האָבען פאַר זיך צו יעדער צייט אין די פאַרמעגענס, וואָס די יודען האָבען געמאַכט פון וואָכעריי, אַ גרויסען פאָנד פון קאַפּיטאַלען, וואָס ווען מען דאַרף זאָל מען זיי קאָנען נעמען און זיך קערעווען מיט זיי.

אַ וויכטיגער מאָטיוו, וועלכער האָט פאַרשאַרפט די בייגונג פון די יודען זיך אָפּצוגעבען מיט די הלוואה-געשעפטען, איז געווען דער אומשטאַנד, וואָס אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט איז דער בעדאַרף אויף געלט געווען גרעסער ווי אין וועלכער עס איז אַנדער צייט פון מיטעלאַלטער. די קרייץ-צוגען האָבען דייטליך געוויזען, ווי נויטיג עס זענען פאַר דער פּאָליטיק גרויסע סומען אין מזומנים. דאָס געלט ווערט דער „נערוו פונ'ם קריג". אין דעם 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט, וועלכע זענען פול געווען מיט מלחמות, האָבען די אַדעללייט אַריינגעשטעקט זייער גאַנץ פערמעגען אין סאָלדאַטען און איינער דעם אַנדערען האָט געוואָלט איבערשטייגען מיט דער צאָל בעוואָפענטע, וואָס ער האָט געהאַט אונטער זיך. דערצו זענען אָבער נויטיג געווען גרויסע געלט-סומען, און דער מין האָט דווקא ביי די שררות אויסגעפעלט, בפרט אַז זייערע פאַרמעגענס זענען דערהויפּט בעשטאַנען פון אומבעוועגליכע גיטער. די אומגעהייערע הוצאות אויף די פירונג פון מלחמות האָבען געשאַפען אַ סיסטעם פון באָרגעניש, און ד'ערעיקר איז מען דערביי אָנגעקומען צו פאַרמשכונ'ען די אומבעוועגליכע גיטער.—פונקט אַזאַ גרויסע צירקולאַציע פון געלט איז אַרויסגעקומען דורך דער פינאַנציעלער שטעלונג פונ'ם וואַטיקאַן 177).

כדי צו קאָנען אָפּצאָלען דער קוריע די אָפּגאָבען, איז דער וועלטליכער שררה אין דער ערשטער צייט גאָר בעזונדערס אָנגעוויזען געווען אויף די יודישע הלוואות. דען אין דער צייט ווען אַ קירכען-מאַגנאַט, אַ הויכער גייסטליכער, האָט געהאַט קרעדיט ביי איטאַליענישע באַנקירען (דערהויפּט די רוימישע סענעזישע און פלאָרענצער באַנק-הייזער), וועלכע האָבען זיך געפילט בעוואָרענט דערמיט וואָס די קוריע וועט מוסר'ן און אַרויפלייגען שטראָפען אויפ'ן גייסטליכען בעל-חוב, אויב עס וועט אויסקומען,—האָבען די מלכים, די וועלטליכע פירשטען, באַראָנען א. אז. וו. אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט קיין צוטריט צו די געלט-אוצרות פון די איטאַליענישע מלווים, וויל דאָ האָט זיך די קוריע נישט אַריינגעמישט און די וועלטליכע שררות האָבען בכן נישט געהאַט אויף זיך קיין שום צוואַנג צו צאָלען. אַזוי איז אַרויסגעקומען, אַז זייערע בעדערפנישען אין געלט האָבען זיי געמוזט דעקען מיט דער הילף פון די

יודען, האָט האָבען געוואוינט אין די ערטער, איבער וועלכע זיי האָבען געהאַט די שליטה. די גרויסע ריזיקע, וואָס איז ביי די הלוואות פון די איטאַליעניש‎ע באַנקירען כמעט ווי גאָרנישט געווען, איז דערגעגען אַ שטענדיגע בעגלייט-ערשיינונג ביי די הלוואות וואָס די יודען האָבען געגעבען צו די שררות. ביי די וועלטליכע שררות האָט געפעלט דער מוז צו צאָלען, זיי האָבען געבראָכען זייער וואָרט אָן שום שטראָף.

האָבענדיג דעם יודען-רעגאַל האָבען זיי זיך צו יעדער צייט געקאָנט פאַררופען אויף די קעניגליכע יודען-געזעצגעבונג, אין וועלכער עס איז געזאָגט געווען: די יודען און זייער האָב און גוטס זענען דאָס אייגענטום פונ'ם קעניג, אָדער אויף דאָס באַראָנען-געזעץ „די פאַרמעגענס פון די יודען געהערען צום באַראָן"— און צונעמען איינגאַנצען אָדער טיילוויז דאָס בעוועגליכע און אַ מבעוועגליכע אייגענטום פון די יודען, פאַרקויפען עס, אוועקשענקען, אַנולירען אָדער רעדוצירען די תביעות פון די יודען. דער יוד איז אַזוי-אַרום געוואָרען אַ פינאַנץ-געגענשטאַנד, וועלכער איז אינגאַנצען אָפּהענגיג געווען פונ'ם ווילקיר פון די מלכים און שררות, ער איז געוואָרען אַ שוואָם, וואָס האָט אַריינגעזויגען אין זיך די אוצרות פונ'ם לאַנד, כדי זיי זאָלען דערנאָך דורך די מאַגנאַטען צוריק אַרויסגעדריקט ווערען אין זייערע קופערס אַריין. דורך זייער דאָזיגער פאָליפען-אַרטיגער טעטיגקייט, וועלכע איז פאַר זייערע שררות שטאַרק צונוץ געקומען, האָבען די יודען אַ גרויסען חלק אין דער צעשטערונג פון דער אַלטער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. ווייל די קאָנפיסקירטע אָדער אַרויסגעפרעסטע פאַרמעגענס האָבען זייער זעלטען זיך אומגעקערט צוריק אין זייער אַלטע פעאָדאַלע אָפּגעשלאָסענקייט. זיי האָבען גיכער זיך אָנגעהויבען קוילערן און זענען דאָך סוף-כל-סוף באַלד אַריינגעפאַלען ווידער, אויב נישט אין די הענט פון אַ יוד איז ביי עפעס אָן אַנדער פאַרשטייער פון דער געלד-ווירטשאַפט.

„עס איז קלאָר — מאַכט זאָמבאַרט די גייסטרייכע בעמערקונג, — אַז 100,000 פלאָרין, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרען אַלס פראָצענט ביי אַ פאָר הונדערט ריטערס און זענען דערנאָך צוגעגזלט געוואָרען פונ'ם מלווה דורך אַ פירשט, האָבען ענדער געהאַט די אויסזיכט צו בעקומען די אייגענשאַפט פון אַ קאַפּיטאַל, איידער אין דער צייט ווען זיי זענען נאָך געלעגען פאַראיינצעלט אין די אייזען-בעשלאָגענע קופערס אויף די ריטערבורגען" [178].

צו די דאָזיגע צרות, וואָס די וואָכעריי האָט געבראַכט אויף
די יודען מצד זייערע שררות, זענען נאָך צוגעקומען די גרויסע
סכנות, וועלכע זענען פאָרגעשטאַנען די יודען פון די ברייטע מאַ-
סען פון דער בעפעלקערונג, וואָס האָט פון דער וואָכעריי געלי-
טען. אינטערעסאַנט איז אין דאָזיגען פרט דער פאַרגלייך צווישען
די געשעהענישען אין יאָר 1096 און אין יאָר 1146. בעת
די רדיפות אויף יודען אין יאָר 1096 האָבען אין די שטעט דער-
הויפט די בירגער געגעבען די יודען שוץ און בעהאַלטען זייערע
פאַרמעגנס [179]; דערגעגען בעת די רדיפות אין מיטען פון 12-טען
יאָרהונדערט זענען שוין די בירגער געווען געגען די יודען [180].
דעם קריסטליכען סוחר, וועלכער האָט זיך ערשט געהאַלטען אין
אַרויפאַרבייטען, איז שטאַרק געלעגען דערין, אַז די בעוועגליכע
קאַפּיטאַלען פון די יודען זאָלען נישט אריינפאַלען אין די הענט
פון דעם ראַבירענדען המון. ער איז גרייט געווען צו ראַטעווען
די יודישע קאַפּיטאַלען, ווייל זיי זענען געווען פאַר אים איינע פון
די וויכטיגסטע שטיצעס אין זיין האַנדעל. ווילאַנג ער איז אָנגעווי-
זען געווען אויף די פּראָדוקטיווע קראַפט פונ׳ם יודישען קרעדיט,
האָט ער גאָר נישט געהאַט קיין טענות צו דער יודישער וואָכעריי,
אָבער אַז ער שוין געווען גענוג שטאַרק, כדי זיך צו קאָנען בע-
גיין גרעסטענסטיילס אָן דעם יודישען קרעדיט, האָט ער שוין גע-
זען אין דער פאַרשפרייטונג פון דער יודישער וואָכעריי אַ סכנה
פאַר זיך, ווייל דאָס האָט אַרויסגעיאָגט דעם גאַנצען וואוילשטאַנד
פונ׳ם לאַנד און דערמיט פּאַראַליזירט יעדעווירטשאַפטליכע אַנט-
וויקלונג. וואָס פאַר אַ שטאַרקע מניעה פאַר די האַנדעלס-בעצי-
הונגען עס איז דעמאָלט געווען דאָס, וואָס די איידעלע מעטאַלען
האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין די הענט פון געציילטע מענשען,
ווייזט זיך אַרויס פונ׳ם בעקאַנטען פאַקט, אַז די גרעסטע צרה, פון
וועלכער עס האָט געליטען די גאַנצע מיטעלאַלטערליכע געלט-
פראַגע, איז געווען דער קליינער זאַפּאַס פון איידעלע מעטאַלען:
דער גאַנצער זאַפּאַס איידעלע מעטאַלען איז נישט גענוג געווען
פולשטענדיג צו בעפרידיגען די אַלגעמיינע בעדערפעניש אין געלט,
אין וועלכעס מען האָט זיך גענויטיגט פאַר די ווירטשאַפטליכע
בעציהונגען [181].

וואָס שפּעטער אין מיטעלאַלטער אריין זעהען מיר, אַז ביי
די רדיפות אויף יודען טרעטען אַרויס די שלעכטע ווירטשאַפטליכע
צושטאַנדען אַלץ קאַטעגאָרישער אַלס די אייגענטליכע סיבה דער-
פון. שוין די רדיפות אין די יאָרען 1146—1147 זענען נישט געווען

אַזוי ברייט און בלוטיג, ווי די פון יאָהר 1096, און פונדעסטוועגען האָבען זיי געהאַט פאַר די יודען אַ סך ערגערע רעזולטאַטען פון ווירטשאַפטליכען און סאָציאַלען כאַראַקטער. צו די געוויינליכע תירוצים פאַר'ן האַס אויף די יודען איז צוגעקומען: „דער געגענזאַץ פונ'ם בעל-חוב געגען מלוה, פונ'ם פאַופעריזם געגען קאַפּיטאַליזם". „אַ סך רדיפות אויף די יודען אין די שפּעטערדיגע צייטען פון מיטעלאַלטער, בעת וועלכע עס איז געגאַנגען דערהויפּט וועגען פאַרניכטען זייערע וועקסלען, דאַרפען פאַרשטאַנען ווערען אַלס קרעדיט-קריזיסען פונ'ם סאַמע באַרבאַרישען מין, אַלס מיטעלאַל-טערליכע פאָרם פון דעם, וואָס היינטיגען טאָג רופט מען עס סאָ-אַלע רעוואָלוציע" 182).

דער האַס, וואָס האָט זיך כסדר פאַרשטאַרקט ביי די נידע-ריגע שיכטען פון דער בעפעלקערונג געגען די יודען אין די שפּעטערדיגע צייטען פונ'ם מיטעלאַלטער האָט זיך צווישען אַנדע-רעס געגומען אויף דערפון, וואָס זינט דעם מיטען פון 13-טען יאָרהונדערט האָבען זיך די יודען פאַרנומען דערהויפּט מיט קאָנ-סומציע-קרעדיט. דעם גרויסען קרעדיט פאַר סוחרים, וועלכע באָרגען דאָס געלד אויף געשעפטען, האָבען כסדר אַרויסגענומען פון זייערע הענד די באַנקירען פון אויבער-איטאַליען, וואָס אַלס „פויפסטליכע סוחרים", ס'הייסט די וואָס האָבען איינצוקאַסירען די, פויפסטליכע הכנסות, האָבען זיי אומעדום געהאַט אַ צוטריט און זענען געווען אימשטאַנד אַריינצונעמען אין זייערע הענט דעם גאַנצען אויסלענדישען געלד-האַנדעל און דערנאָך אויף דעם אינ-לענדישען. די לאָמבאַרדיער און קאַהאָרסינער, וועלכע האָבען זיך זינט דעם 13-טען יאָרהונדערט פאַרקליבען נישט בלויז קיין איטאַליען, פראַנקרייך און דייטשלאַנד (וואו זיי זענען שפּעטער טייל-וויז אַרויסגעשטויסען געוואָרען דורך די באַנקהייזער פון די פוגער און וועלסער), נאָר אויך קיין ענגלאַנד, האָבען קנאַפּ-וואָס געהאַט בעציהונגען מיט'ן נידעריגען פאָלק, אין דער צייט ווען די יודען, וועלכע זענען דורך דיזעלבע כסדר אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון די קרעדיט-בעציהונגען מיט די סוחרים און הענדלער פונ'ם ביר-גער-קלאַס, האָבען געמוזט זוכען פלעצער פאַר זייערע קרעדיט-געשעפטען צווישען די נידעריגע פאָלקס-שיכטען, ווי האַנדווערקער און פויערים.

## 2. די פאָרמען און דער פאַרנעם פון דער יודישער וואָכעריי אין 11–טען און 12–טען יאָרהונדערט.

אין דער ערשטער שורה דאַרף מען דאָ נעמען אין אַכט די וואָכער-געשעפטען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען מיט די לאַנד-אייגענטימער; ווייל די דאָזיגע געשעפטען האָבען עס דערהויפּט פאַרשאַפט די יודען אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט ריזיגע רייכטימער. ווער עס האָט געוואָלט רייך ווערען דורך וואָכעריי האָט געמוזט אָנשפּאַרען צום ערד-אייגענטימער. „מען דאַרף זעהן צו כאַפּען די גרויסע פיש".

די גרויסע רווחים פון די הלוואות, אויף וועלכע מען האָט געקריגען אַ משכון אומבעוועגליכע גיטער, האָבען זיך גענומען דערפון, וואָס די פערמשכונטע נחלאות זענען געווייגליך געווען אַ נוצבאַרער משכון און מען האָט דערום געהאַט פון זיי אַ דאָפּעלטען נוצען, אין דער צייט וואָס פון הלוואות, אויף וועלכע מען האָט גענומען אַלס משכון אַזעלכע זאַכען, וועלכע זענען געווען איינפאַכע פאַרזיכערונגס- אָדער פקדון-משכנות, האָט מען געצויגען בלויז איין מין יניקה (ציגזען) 188). אין פאַל פון געבען אַ הלוואה אויפ'ן משכון פון אַ נחלה האָט דער מלווה געהאַט דאָס רעכט צו ווירטשאַפטען אינ'ם פערמשכונטען גוט, ביז עס ווערט אים אָבגעגעבען דער חוב, און אַזוי איז אָפט אַרויסגעקומען, אַז דורך דער איינקונפט פונ'ם גוט האָט דער מלווה אָפּגעקריגען אין נאַטור דעם ווערט פונ'ם געלד, וואָס ער האָט לכתחילה אַנטליהען און חוץ דעם נאָך די הויפּט-סומע פון דער הלוואה.

אין ענגלאַנד זענען די יודען געווען די ערשטע יורשים פון די רייכע גרויסע גוטסבעזיצער. דערהויפּט זענען עס געווען גלחים, אייגענטימער פון גרויסע גיטער, וואָס צוליב זייער נאָכלעסיגקייט זענען זייערע נחלאות אַריינגעפאַלען אין די הענט פון יודען פאַר די חובות, וואָס איז די יודען געקומען פון זיי. פאַר דער דאָזיגער מדה מגונה פון די גלחים איז אויך שטרענג געמוסר'ט געוואָרען אויפ'ן קאָנציל אין טור 1163 (X, בוך 5, קאַפּיטעל 19 פסוק 12); צווישען אַנדערעס האָט דער קאָנציל גוזר געווען, אַז דער וואָס האָט שוין זיין אויסגעבאָרגטען קאַפּיטאַל אָפּגעקריגען צוריק פון די איינקונפטען פון די נחלאות, וואָס ער האָט ער געקריגען אַלס משכון, זאָל דורך גייסטליכע שטראָפען געצוואונגען ווערען אָפּצוגעבען די משכנות צוריק. אָבער אויף די יודען האָבען פאַרשטייט זיך נישט געקאָנט חל זיין די דאָזיגע

גייסטליכע שטראָפֿען; און עס קומט נאָך דעריבער אויס, אַז די דאָזיגע פֿאַראָרדנונג פֿונ׳ם קאָנציל האָט גאָר געשטעלט די יודען אין אַ פּריווילעגירטע לאַגע אַנטקעגען די אַנדערע וואָלעריקעס, וועלכע האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין געלט-געשעפֿטען אויף משכנות פֿון אומבעוועגליכע גיטער.

צווישען די רייכע יודישע באַנקירען אין ענגלאַנד איז אין 12-טען יאָרהונדערט געווען דער חשובסטער אהרן פֿון לינקאָלן [184]), וואָס אויף זיינע ריזיגע אוצרות זענען אָפֿט געווען בעלנים דער קעניג און די באַראָנען. היינריך דער 2-טער אַליין איז אים געווען אַ בעל-חוב אויף 100.000 פֿונט. אין יאָר 1187 האָט דער קעניג זיך בענוצט מיט זיין רעכט און קאָנפֿיסקירט אהרנ׳ס אומגעהייערע רייכטימער פֿאַר דעם מלוכה-שאַץ. אהרנ׳ס גיטער זענען פֿאַרוואַלטעט געוואָרען אין אַ ספּעציעלער שאַץ-קאַמער (scaccarium Aaronis) און אַלע זיינע תביעות, וואָס אַ גרויסער טייל פֿון זיי איז געווען גאַראַנטירט דורך משכנות פֿון אומבעוועגליכע גיטער [185]. זענען פֿאַרשריבען געוואָרען אין אַן ספּעציעלען רעגיסטער „דע דעביטיס אאַראָני".

די ענגלישע פּריצים, וועלכע זענען געווען בעלי-חובות פֿון יודישע באַנקירען און געהאַט ביי זיי פֿאַרמשכּונ׳ט גיטער, האָבען אַמאָל פֿאַר חיבשע מתּנות פֿאַר׳ן קעניג בעקומען די ערלויבניש, ניט איבערצוגעבען די פֿאַרמשכּונ׳טע שטיקער לאַנד צו די יודען אַז יענע זאָלען ווערען איבער דעם די בעלי-בתּים, נאָר אַליין ביי דעם בלייבען. אינ׳ם דאָזיגען פֿאַל האָבען זיי אָבער געמוזט אויסצאָלען די יודען די יערליכע איינקונפֿטען פֿון זייערע גיטער אַזוי לאַנג, ביז דער חוב איז געסילוקט געוואָרען [186]).

אין פֿ ר אַ נ ק ר ײ ך האָבען מעכטיגע באַראָנען און שטאַרק חשוב׳ע בעלי-טובה׳ס פֿערמשכּונ׳ט זייערע נחלאות ביי יודען. אַזוי איז איין איינציגער יוד פֿון דיזשאָן, סאַלאָמאָן (אָנהויב פֿון 12-טען יאָרהונדערט), געווען דער מלווה פֿון איינינגע פֿון די גרעסטע קלויסטער-ראַיאָנען אין בורגונדיען, פֿון סען-בענין און סען-סעין [187]).
אַלס בײשפּיל, ווי גרויס עס זענען געווען געוויסע חובות, וואָס מען איז שולדיג געווען די יודען, איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז אַ יוד, איינער בענדעט (סוף פֿון 12-טען יאָרהונדערט), האָט געהאַט אַ חוב ביים שררה פֿון מאָנפּעליע אַ סומע פֿון 50,000 סו [188]). אָבער אויך בירגער (שטאָט-לייט) פֿלעגען אַמאָל פֿאַרמשכּונ׳ען ביי יודען זייערע הייזער און הויפֿען. אַזוי דערציילט דער קראָניקער ריגאָר אין זיינע אַביסעל איבערגעטריבענע ידיעות, אַז אַן ערך אין סוף

פֿון 12-טען יאָרהונדערט זענען יודען געווען בעל-הבתים איבער אַ העלפֿט פֿון דער שטאָט פּאַריז, און דעם גרעסטען טייל פֿון זייערע הייזער האָבען זיי זיך פֿאַרשאַפֿט דורך וואָכער-געשעפֿטען [189]). אַלס אַ בעשטעטיגונג, אַז פֿראַנצויזישע יודען אין 12-טען יאָרהונדערט האָבען דורך וואָכער-געשעפֿטען אַרייַנגעקריגען אין זייערע הענד קירכליכע גיטער, קאָנען דינען די ווערטער פֿון פּויפּסט אינאָקענטיוס III אין אַ בריף צום קעניג פֿון פֿראַנקרייך (1205): ער קאָן נישט צוקוקען, ווי די יודען אין פֿראַנקרייך זאָלען ווערע-די בעל-הבתים פֿון קירכליכע גיטער, זאָלען האָבען אַלס זייערן אייגענס פֿעלדער און וויינגערטנער. צוליב דער דאָזיגער ביטע פֿון פּויפּסט האָט דער קעניג פֿיליפּ אויגוסט אין זיין יודען-סטאַטוט פֿון יאָר 1206 פֿאַרווערט די יודען אויף להבא אָנצונעמען קירכליכע נחלאות אַלס משכון (אַרט. 4), אחוץ ווען די נחלאות וועלען פֿאַרמשכונ'ט ווערען דורך דער גרעפֿין פֿון טרואַ אָדער אַנ'אַנדער באַראָן [190]).

אין איטאַליען האָבען די שטענדיגע קאַמפֿען פֿון די פּויפּסטען און דעם אַדעל, ביי וועלכע ביידע צדדים זענען כסדר געענגט געווען אין געלד, צוגעהאָלפֿען עס זאָלען אויפֿקומען רייכע יודישע באַנקירען, וועלכע האָבען דורך זייערע הלוואות אויף אומ-בעוועגליכע גיטער זיך דערשלאָגען צו דער פֿאַרוואַלטונג מיט די גיטער. בעזונדערס איז בערימט געווען דער באַנקיר ברוך פּיערלעאָני [191]), וועלכער האָט אין 11-טען יאָרהונדערט דורך עקספּלואַטאַטאָרישע וואָכער-געשעפֿטען זיך פֿאַרשאַפֿט אַ פֿירשטליך פֿאַרמעגען און דאַן זיך געשמדט. די „רעגינאַ פּעקוניאַ” (דאָס הערשענדע געלד) האָט ערלויבט דעם משומד, זיך מתחתן צו זיין מיט רוימישע מיוחסים; פֿון אים זענען אַרויסגעקומען דורות פֿון מעכטיגע פּריצים, און איינער פֿון זיי איז אַפֿילו געווען פּויפּסט (אַנאַקלעט II. 1130-1138).

דאָס פֿאַרמשכונ'ען די הייזער ביי די מלווים צוזאַמען מיט די ריזיגע צינזען, וואָס די בעלי-חוב'עס האָבען געמוזט צאָלען, זענען מן-הסתם געווען די מאָטיוון דערפֿון, וואָס די באַלאָניער האָבען „ליבערשט געוואָלט, אַז זייערע מיטבירגער זאָלען פֿאַרלירען די בעקוועמליכקייט צו קענען בעקומען תמיד געלט, איידער זיי זאָלען זיין אונטערגעוואָרפֿען אונטער אַ מין רואינירענדער שקלאַ-פֿעריי [192])—און אין יאָר 1171 האָבען זיי פֿאַרטריבען די יודען פֿון דער שטאָט.

זינט דעם סוף פֿון 12-טען יאָרהונדערט האָבען סיי בכלל

בלויז פֿאַר־אײַנצעלטע ידיעות וועגן יודישע וואָכערניקעס אין איטאַליען. עס האָבן זיי אַריבערגעשטיגען די לאָמבאַרדיער און די טאָסקאַנער, וועלכע האָבן אַזוי ווייט געטריבן זייערע שפּעקולאַציעס, אַז שוין אין יאָר 1179 האָט זיי אַ קאָנציליום געמוזט אויסשליסן פֿון דער קאָמוניע און פֿון קומען צום קבר לויט'ן קירכליכן דין. ווי גרויס עס איז, ווייזט אויס, געווען די מחנה קריסטליכע וואָכערניקעס אין אָנהויב פֿון 13־טען יאָרהונדערט, בעווייזט די בעקאַנטע ערקלערונג פֿונ'ם פּויפּסט אינאָקענטיוס III, אַז דאָס אַרויפֿלייגן קירכען־שטראָפֿן אויף זיי איז פּונקט ווי נעמען און פֿאַרמאַכן די קירכען. דערגעגען הערען מיר וועגן די יודען אין איטאַליען אין 13־טען יאָרהונדערט, פֿון אַ בעגלויבטער קריסטליכער קוועלע, אַז אומעטום אין איטאַליען (in partibus Italiae) אַרבייטען זיי אויס זייער חיונה דורך אַרבייט און נישט דורך וואָכעריי[193]. זיי האָבן נעמליך זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַרבעריי; די דאָזיגע מלאכה איז צווישען זיי שטאַרק פֿאַרשפּרייט געווען און דעמאָלט איז דאָס געווען די הויפּט־אינדוסטריע אין איטאַליען; געוויסערמאַסען האָבן זיי בעהערשט דעם דאָזיגען פֿאַך אין 12־טען יאָרהונדערט[194] אַזוי, אַז דער פֿאַרבעריי־שטייער אין איטאַליען איז געווען אַ שם־נרדף מיט יודען־שטייער. דאָקומענטאַל איז דערוויזען די עקזיסטענץ פֿון יודישע „טינטאָריאַ" אין ברינדיזי, בענעווענט, קאָסענצאַ, טראַני, פּאַלערמאָ.

פֿאַר דייטשלאַנד האָבן מיר ערשט פֿונ'ם 13־טען יאָרהונדערט מער צאָלרייכע דאָקומענטען וועגן פֿאַרמשכונ'ען נחלאות ביי יודען[195]. פֿון 12־טען יאָרהונדערט האָבן מיר בלויז פֿאַראײַנצעלטע ידיעות וועגן משכנות פֿון אומבעווענליכע גיטער ביי יודען. אַזוי איז נעבען דעם הויף אין „ווינקעלאַ" פֿאַרמשכונט געווען ביי אַ יוד אליהו אַ נחלה, וואָס איז בעשטאַנען פֿון הייזער, פֿעלדער, ווייגגערטנער און לאָנקעס[196]. אין ווירצבורג האָט אַ קריסטליכער בירגער פֿאַרמשכונט ביי אַ יוד זיין הויז פֿאַר 35 מ., און שפּעטער איז דאָס הויז געבליבען דעם יוד'ס[197]. עס זענען אָבער אויך פֿאַראַן ראיות, אַז אגב האָבן די יודען פֿאַרמשכונט זייערע הייזער ביי קריסטליכע בירגער. אַזוי איז אַ הויז פֿונ'ם יוד (משה) גאָדעסקאַלקוס פֿון קעלן פֿאַרמשכונט געווען ביי פֿיר בירגער פֿאַר אַ הלוואה פֿון 40 מאַרק מיט'ן תנאי, אַז טאָמער וועט דער יוד נישט סילוק'ן זיין חוב אין משך פֿון 4 יאָר צייט זאָל דאָס הויז בלייבען ביי די מלווים[198]. פֿון 13־טען יאָרהונדערט אָן זענען אין דייטשלאַנד, דערהויפּט אין מערב־דייטשלאַנד,

שטאַרק באַגרענעצט געוואָרען די רעכט פון יודישע מלווים צו נע־מען אַלס משכּנות אומבאַוועגליכע גיטער; דאָס איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַגרענצונג פאַר די רעכט פון יודען, וואָס האָט זיך כּסדר געשטאַרקט זינט דעם מיטען פון 12־טען יאָרהונ־דערט, צו האָבען אַלס אייגענטום נחלאות אין דאָרף און שטאָט. פון 13־טען יאָרהונדערט אָן איז די יודען אין ס׳רוב ערטער בּכלל פאַרווערט געוואָרען צו פאַרמאָגען אייגענע נחלאות אויפ׳ן לאַנד, און אין די שטעט האָבען זיי געמעגט זיך איינשאַפען פאָסעס׳עס בלויז אין זעהר אַ באַגרענעצטער מאָס. דעריבער, ווען אין זייערע הענד איז געבליבען אַ פאַרמשכּונטע פאָסעסיע, האָבען זיי עס גע־וויינליך געקאָנט בענוצען נישט לענגער פון אַ „יאָר מיט אַ טאָג“. נאָכ׳ן דאָזיגען טערמין האָבען זיי עס געמוזט פאַרקויפען[99] 1).

אַנדערש איז געווען אין מזרח, וואו די יודען־סטאַטוטען פון 13־טען יאָרהונדערט (פרידעריציאַנום 1244), די פריוויליגיעס פון אָטאָקאַר II. פון 1254 און 1268, בעלאַ׳ס IV. 1251, 1256, באָלעסלאַוו דעם פרומענס פון קאַליש 1264, פון באָלקאָ I. פון שלעזיען 1295, פון היינריך III. פון גלאָגאָו 1299) און אויך נאָך אין 14־טען יאָרהונדערט (אין די פריוויליגיעס פון פוילישען קע־ניג קאַזימיר דעם גרויסען און דעם ליטווישען פירשט וויטאָלד) האָבען געגעבען די יודען אומבאַגרענעצטע רעכט בנוגע דאָס נע־מען אַלס משכּנות אומבאַוועגליכע גיטער.

וואָס שפּעטער עס איז געוואָרען דאָס טעמפּאָ פונ׳ם האַנ־דעלס־לעבען, איז אין אַ גרעסערער מאָס אריין אין לעבען דער שטייגער צו נעהמען אַלס משכּנות נישט בלויז אומבאַוועגליכע גיטער, נאָר אויך מטלטלים; און באַלד דערויף האָט מען זיך פילפאַך אָנגעהויבען פיהרען, אַז אָנשטאָט דער מלווה זאָל נעמען דעם משכּון צו זיך, זאָל ער אַרויסבעקומען בלויז אַ כּתב, אַ שריפטליכע התחייבות אויפ׳ן משכּון. פאַר יודען וואָס פערשאַפען זיך ניכסי דניידי (באַוועגליכע זאַכען) האָט עקזיסטירט אַ ספּעציע־לעס יודען־רעכט, וואָס בנוגע די משכּנות־געשעפטען איז געווען אין איהם אַ כּלל, וועלכער האָט בעדייט אַ גרויסען פאָרשריט אין די האַנדעלס־בעציהונגען און האָט געלייגט דעם וועג פאַר העכערע שטאַפּלען פון די דאָזיגע בעציהונגען, ספּעציעל פאַר דעם האַנדעל מיט אינהאַבער־פּאַפּירען: דער שוץ פונ׳ם יוד׳ס אייגענטום אויף אַ זאַך, וואָס איז ביי איהם פאַרמשכּונ׳ט אָדער פאַרקויפט געוואָרען און ער האָט נישט געוואוסט, אַז די זאַך איז אַרויסגענומען פונ׳ם רשות פונ׳ם פריהערדיגען בעל־הבית אויף אַ נישט כּשר׳ן אופן.

דער דאָזיגער כּלל איז ווייזט אויס געשאַפֿען געוואָרען דורך די יודען-פּריווילעגיעס אין דייטשלאַנד[200], פראַנקרייך[201] און ענגלאַנד[202], אָבער ער געפֿינט זיך שוין פֿון לאַנג אינ'ם יודישען דין[203].

דעם יודישען מלווה איז ערלויבט געווען צו נעמען אַלס משכּון איטליכע זאַך, אַפֿילו די וואָס האָבען געשטאַמט פֿון גנבה אָדער גזלה. ביז'ן סוף פֿון 12-טען יאָרהונדערט איז אַפֿילו אומעדום ערלויבט געווען צו פֿאַרקויפֿען אָדער פֿאַרמשכּונ'ען ביי יודען קירכליכע חפצים. אין פֿראַנקרייך ענטהאַלט ערשט דער יודען-סטאַטוט פֿון פֿיליפּ אויגוסט פֿון יאָהר 1206[204] אַ פֿאַרבאָט דערויף; אין ענגלאַנד — אַ בעשטימונג, וועלכע שטאַמט פֿון היינריך II (נאָכ'ן מיטען פֿון 12-טען יאָהרהונדערט) און די כאַרטאַ יודעאָרום פֿונ'ם קעניג יאָהאַן דעם אָהן-ערדיגען אין יאָהר 1200. נאָר אַ סך אַ גרעסערע ווירקונג האָט מן-הסתם געהאַט דער איסור, וועלכער איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך אַן אספֿת-רבנים, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין מיטען פֿון 12-טען יאָרהונדערט. דער איסור האָט געזאָגט, אַז קיין שום יוד זאָל זיך נישט דערוועגען צו קויפֿען אָדער צו נעמען אַלס משכּון צלמים, קירכליכע כּלים, גלח'ישע בגדים א. דגל., ווייל דאָס קאָן ברענגען אַ סכּנה פֿאַר'ן כּלל יודען[205].

קוקען מיר זיך אום, ווער זענען געווען די בעלי-חוב'ות פֿון די יודען געפֿינען מיר צווישען זיי מענשען פֿון אַלע שטאַנדען, בעזונדערס לעבהאַפֿט זענען אָבער געווען די געשעפֿטליכע בעציהונגען פֿון די יודען מיט די גלחים.

די הויכע גלחים אין דייטשלאַנד האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין געלט-געשעפֿטען מיט יודען, אַחוץ צוליב די מאָטיווען, וואָס מיר האָבען שוין פֿריער דערמאָנט, ווי דאָס א י נ ר י י ס ע ן פֿ ו ן דער קאַמעראַ אַפּאָסטאָליקאַ נאָך די הויכע אָפּגאַבען, וואָס זי האָט זיך געמאָנט, איז דאָס נאָך געשעהן אויך צוליב אָט די אומשטענדען: איידער דער פּויפּסט גרעגאָרוס דער 7-טער איז ענערגיש אַרויסגעטרעטען געגען דער סימאָניע (האַנדעל מיט גלחישע שטעלעס) איז דער האַנדעל מיט גלחישע שטעלעס געטריבען געוואָרען גאָר אויפֿ'ן גרויסען שטייגער. דער סאַלישער הויף האָט פֿאַרקויפֿט שטעלעס פֿון הויכע און נידעריגערע גלחים פּונקט ווי ער האָט פֿאַרהאַנדעלט אַרענדעס פֿון שטייער[206]). האָט אַלזא עמיץ פֿון די גלחישע פּריצים ביים הויף געשטאַטעוועט אויף אַ פֿעסטען כּיבוד, האָט ער קודם-כּל געמוזט שטרעבען דערצו, ער זאָל האָ-

בען מזומן-געלט. אין אזעלכע פאלען האט מען זיך געוויינליך געזענדעט צו די יודען, וואס נאר זיי אליין זענען אימשטאנד געווען צונויפצוברענגען יענע הויכע סומען אין מזומן-געלט [207]) וועלכע זענען נייטיג געווען אויף צו קויפען גייסטליכע אמטען. חוץ דעם זענען די הויכע גייסטליכע איבער די גרויסע הוצאות וואס זיי האבען געהאט צו מאכען צוליב זייער הויכער שטעלונג נישט זעלטען גענויטיגט געווען צו פארשולדיגען זיך ביי די יודען. אזוי דערציילט דער ביאגראף פון ארציביסקופ האנא פון קעלן (1066—1075), [208]) אז דער דאזיגער ארציביסקופ האט פאר'ן טויט גענומען א שבועה ביי זיינע געשעפטס-מענשען, אז פון זיין ירושה וועלען זיי בעצאלען אלע חובות וואס ער האט געמאכט ביי יודען און ביי קריסטען. דער ברעמענער ארציביסקופ אדאלבערט (געשט . 1075), וואס זיין בעליבסטע פאנטאזיע איז געווען אנשטאט מיט זילבער בעפוצטע קירכען אויסצובויען א גילדערנע, האט געהאט איינעם א משומד פאולוס, וועלכער האט ערלעדיגט זיינע גאלד-געשעפטען און האט געהאט אזא שליטה איבער דעם ארציביסקופ, אז יענער האט בלינד געגלויבט אין אלץ, וואס דער פאולוס האט אים געזאגט [209]). זייט די בעמישע יודען זענען, צוליב דער גזרת-השמד אין דער צייט פונ'ם מלך בראטיסלאוו (1589) אנטלאפען פונ'ם לאנד און זיך געראטעוועט מיט זייערע פיירטימער קיין פוילען און אונגארן, [210]) האבען די רעגענסבורגער יודען, וועלכע האבען געהאט א שם [211]) דורך זייערע גאלד- און זילבער-אוצרות, זיך געשטעלט מיט דער הילף פון זייערע קאפיטאלען אין בעציהונגען מיט די פראגער ביסקופען. אזוי האט דער פראגער ביסקופ הערמאן פארמשכונט צו יודען פון רעגענסבורג 5 טייערע מאנטלען פאר 500 מארק זילבער (1107) [212]).

ווענען וואכערישער עקספלואטאציע מצד די דייטשע יודען האבען זיך אבער ביז'ן סוף פון 12-טען יארהונדערט אין ערגעץ קיין טענות נישט געפירט. אין יאר 1146, ווען בערנארד פון קלערוואָ האט אין זיין קרייץ-צוג-מאניפעסט אפגערעדט פון רדיפות אויף יודען, האט ער אויפמערקזאם געמאכט, אז די קריסטליכע וואכערניקעס, דארט וואו קיין יודען זענען נישטא, טרייבען זייער פראפעסיע נאך ערגער [213]).

אין פראנקרייך, וואו די יודען זענען אין זייערע פרנסות בעזונדערס אונטערשטיצט געווארען דורך דעם קעניג און די בארא־נען, האט די יודישע וואכעריי, אדער ריכטיגער געזאגט די וואכעריי פון די שררות, וואס האבען געהאט די יודען פאר

וייטער ווערקציג, גאָר פרי געמאַכט אַן אָרט פאַר געגענזייטיגער
שנאה צווישען יודען און קריסטען. דער שוץ, וואָס די גייסטליכע
האָבען געגעבען די יודען אין 11-טען יאָרהונדערט, בעווייזט, אַז
נישט תמיד האָט דאָ דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם (ווי מען נעמט
געוויינליך אָן), פערשטאַרקט דורך די קרייץ-צוגען, געיאָגט דעם
המון אויף יודען[214]). מיר קאָנען שווערליך אָננעמען, אַז דער שוץ
פון די גלחים האָט זיך גענומען פון עפעס אידעאַלע מאָטיווען
בפרט אַז די גייסטליכקייט פון 9-טען און 10-טען יאָרהונדערט
איז גאָר נישט מיד געוואָרען צו העצען געגען די יודען. מיר
דערמאָנען בלויז די ביסקופען פון טולוז[215]), אוויטוס פון קלער-
מאָן, אַגאָבאַרד, אַמאָלאָ א. אַז. וו. דער שינוי, וואָס מיר זעהען
אין דער שטימונג פון די פראַנצויזישע גלחים בנוגע די יודען
אין 11-טען יאָרהונדערט מוז ערקלערט ווערען בלויז מיט דער
וויכטיגקייט פון די יודישע געלד-זעק פאַר'ן קלערוס. ווי אין
דייטשלאַנד אַזוי אויך אין פראַנקרייך איז דער יוד געווען די
מאַטעריעלע שטיצע פאַר די קאַריערסטישע קירכען-שררות, וועל-
כע האָבען אים דערפאַר אונטערשטיצט אינ'ם עקספלואַטירען דורך
וואָכעריי די בעפעלקערונג פון זייערע ראַיאָנען. צייטענווייז איז
דער יוד אָפגעשיקט געוואָרען צום פויפסט, ווען דער בעל-חוב
האָט אים נישט געוואָלט סילוק'ן. און אַזוי האָבען לאָטרינגער און פראַנ-
צויזישע יודען געלאָזט זיך אָפט קיין רוים צוזאַמען מיט פרומע
פילגער, צו פועל'ן ביים פויפסט, ער זאָל ווירקען מיט זיין השפעה
מען זאָל זיי אָבצאָלען זייערע תביעות[216]). געוויסע פראַנצויזישע
קירכען-שררות האָבען געטריבען אַ האַנדעל מיט זייערע תשמישי-
קדושה, קירכען-זאַכען, און אַלס מעקלער דערצו האָבען זיי גענו-
מען די יודען, כדי אָבצווווענדען פון זיך דעם בזיון פונ'ם דאָזיגען
האַנדעל און אַרויפוואַרפען די געפאַר אויף די יודען. אַזוי האָט
דער אַרציביסקופ גואיפרעד (12-טער יאָרהונדערט) געשיקט צו
יודישע גאָלד-אַרבייטער גילדערנע און זילבערנע קירכען-כלים, צו
מאַכען דערפון שמעלץ און פערקויפען דעם מעטאַל אויף זיין רעכ-
נונג[217]). פירער פון קלויסטערס פלעגען פערמשכונ'ען ביי יודען
צלמים, כאָר-מאַנטלען, תפילה-מלבושים, קאַנדעלאַבּרעס, בעכערס
עוואַנגעליעס א. אַז. וו., וואָס ווערט אָפט כאַראַקטעריזירט אַלס די
סיבה דערפון וואָס געוויסע קלויסטערס זענען רואינירט געוואָרען
[218]). אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קאָכט זיך פעטער, דער אַבאַט פון
אַגיואַי (1146) נישט חלילה געגען די אמת שולדיגע, געגען די
גייסטליכע, וועלכע האָבען פערקויפט די הייליגטימער כדי צו

פֿערשאַפֿען זיך געלד, נאָר געגען די יודען, „וועלכע האָבען זייער
קאַנטאָרען פֿול געמאַכט מיט טייערע סחורות, זייערע אָפּערט מי
גאָלד און זילבער... און פּראָטעזשירט דורך אַ פֿאַרשאָלטען געזע
פֿון קריסטליכע פֿירשטען טרייבען זיי אַ שענדליכען האַנדעל מי
הייליגע כלים, בעכערס און קטורת-פֿעסער” [219].

אין ע נ ג ל א נ ד שטעלען פֿאָר אַן ענליך בילד די געשעפֿ
ליכע בעציהונגען צווישען יודען און גייסטליכע אין 11-טען או
12-טען יאָרהונדערט. די פֿערבינדונג פֿון די קלויסטער-גלחים מי
די יודען איז געווען פֿאַר די לעצטע שטאַרק נוצליך. אַזוי ווי ד
הייליגקייט פֿון די קלויסטער-קירכען האָט געמאַכט די דאָזיגע קיר
כען פֿאַר אַ זיכערען ערי-מקלט געגען גנבות און גזלות, האָבע
דאָ די יודען געהאַלטען זייערע ווערט-פּאַפּירען און שטר-חוב'ען
אינ'ם קלויסטער פֿון הייליגען עדמאָנד זענען אַפֿילו אַ לאַנגע צייט
איינגעלייגט געווען אַלע אוצרות פֿון די יודען און זיי האָבען זיך
געפֿונען אונטער דער השגחה פֿונ'ם זאַקריסטיאַן [220]. הגב
לויט אַ פּונקט אין אַ געזעץ פֿון היינריך II (1154-1189) איז די
יודען פֿאַרווערט געווען אָנצונעמען אַלס משכּנות קירכליכע כלים
און מיט בלוט פֿאַרפֿלעקטען לייווענט, געפֿינען מיר פֿונדעסטוועגען
אַז מען האָט אָפֿט עובר געווען אויף דעם דאָזיגען פֿאַרבאָט. אַזוי
איז אויף איינעם אַ יוד בענדעט אַרויפֿגעלייגט געוואָרען אַ גאָלד-
שטראָף פֿון 20 פֿונט, דערפֿאַר וואָס מען האָט געפֿונען ביי אים
פֿאַרמשכּונטע גלחישע מלבושים. פֿאַר אַן'עהנליכע עבירה זענען די
יודען פֿון בערי סט. עדמאָנד בעשטראָפֿט געוואָרען מיט 5 מאַרק[221]
ווער האָט דאָ מיאוס'ער געהאַנדעלט ביי די דאָזיגע געשעפֿטען
די גלחים אָדער די יודען, וועלכע האָבען אפשר גאָר נישט גע-
טאָרט זיך אָבזאָגען פֿון אָננעהמען די קירכען-זאַכען אַלס משכּנות,
— איז לייכט צו ענטשיידען. אַזוי ווי אין פֿראַנקרייך האָט פּאַ-
סירט, אַז די השפּעה פֿונ'ם פּויפּסט האָט צוגעהאָלפֿען די יודען
אויפֿצומאָהנען די אַנטליהענע סומעס פֿון אַזעלכע קריסטליכע בעלי-
חוב'עס, וואָס צוליב זייער שטעלונג האָט די מאַכט נישט געקאָנט
זיי צווינגען די חובות צו בעצאָהלען, — אַזוי איז ווידער אין ענג-
לאַנד פֿאָרגעקומען, אַז דער קעניג האָט זיך אָנגענומען פֿאַר די
יודישע מלווים, נאָר פֿערשטעהט זיך פֿון זיין אייגענע טובה וועגען.
אַזוי איז דער קעניג היינריך דער 2-טער אַרויסגעטרעטען מיט אַן
אָנקלאַגע געגען דעם אַרציביסקופּ בעקעט אויף אַ סומע פֿון 500
פֿונט, וואָס דער אַרציביסקופּ האָט אַנטליהען ביי אַ יוד [222].

## 3. די אָרגאַניזאַציע פון די יודישע געלט-געשעפטען אין די ערשטע צייטען פונ'ם מיטעלאַלטער.

הגם די העכסטע מאַכט אינ'ם מיטעלאַלטער האָט ערלויבט די יודען צו טרייבען וואכעריי, איז אָבער אין מערב-אייראָפּע ביז'ן סוף פון 12-טען יאָרהונדערט אין שרעק? גאָרנישט געווען איר דאגה צו בעוואָרענען דעם לווה, דעם בעל-חוב, דורך געזעצען חעגען אַ העכסטער נאָרמע פאַר צינזען, כּדי דער מלווה זאָל נישט טאָרען צאַפּען פון אים צינזען אָן אַ שיעור. די מלכים און די באַראָנען, אויף וועלכע עס איז קודם-כּל אַריבערגעגאַנגען דער יודען-רעגאַל, זענען דווקא ספּעציעל פאַראינטערעסירט געווען, נישט צו בעגרענעצען די וואכעריי-געשעפטען פון די יודען אין דער דאָזיגער הינזיכט; וואָרען וואָס מער די יודען האָבען בעקומען ביים אויפמאָנען די הובות, אַלץ גרעסער איז געווען דער ריווח פון די שררות, צו וועלכע די יודען האָבען געהערט מיט זייער גאַנצען פאַרמעגען אַלס „סערווי קאַמערע” (עבדים פון דער שאַץ-קאַמער). און אַז מיר געפינען שוין יאָ אין 13-טען יאָרהונדערט אין אַ סך ערטער תקנות וועגען דער הייך פון צינזען ביי יודישע הלוואות, ווערט מען נשתומם, וואָס פאַר אַ ריזיגער צינזפוס עס איז די יודען אין געוויסע ערטער ערלויבט געווען צו נעמען. מיר ברענגען דאָ בלויז עטליכע ביישפּילען: אַ סטאַטוט פון 23-סטען מאַי 1243 האָט נאָרמירט פאַר די יודען פון דער פּראָוואַנס אַ צינזפוס פון 300 פּראָצענט [223], די בעריהמטע יודען-פּריווילעגיע פון פרידריך II. (1244) פאַר די יודען אין עסטרייך האָט בעשטימט אַלס העכסטע נאָרמע 173 פּראָצענט (פאַרגלייך פונקט 30 פונ'ם פרידעריציאַנום: 8 פעניג פון טאַלאַנט, ס'הייסט 240 פעניג (אַ וואָך); אַ בעשטימונג פונ'ם קלויסטער אין פרייזינג (1259) [224] — אַ צינזפוס פון 120 פּראָצענט. אַנטקעגען דעם קומט אויס, אַז דער אונגעזעצליכער צינזפוס, וואָס איז געוויינליך גענומען געוואָרען דורך יודישע מלווים אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט איז גאָר נישט אַזוי הויך געווען. אַזוי האָט ער אין דייטשלאַנד אויסגעמאַכט 50 פּראָצענט מיט פּראָצענט דפּראָצענט [225], אין ענגלאַנד: פון 1 פונט—4 דענאַרען צינזען אַ וואָך [226], אין פראַנקרייך צום אָנהויב פון 13-טען יאָרהונדערט איז דער געוועהנליכער צינזפוס פון 43 פּראָצענט בעשטעטיגט געוואָרען דורך אַ בעשטימונג פון פיליפּ אויגוסט (1206) אַלס דער געזעצליכער פּראָצענט. שפּעטע

איז נאָך דער דאָזיגער געזעצליכער צינזפוס אין פראַנקרייך גע-
זאָפעלט געוואָר'ען [227].

ביים רעוואָידירען די יודישע געלד-געשעפטען אין 12-טען
אָרהונדערט איז די מלכים און באַראָנען געגאַנגען דערין, עס
זאָלען אָנגענומען ווערען אַזעלכע מיטלען, וועלכע גיבען אַ גענוי-
גע זיכערקייט, אַז דאָס אַנטליהענע געלד זאָל בישט פאַרלורען
גיין. אין ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען זיי קודם-כל געוואָלט
האָבען צו יעדער צייט אַ גענויע קאָנטראָל איבער דעם פאַרמע-
גענס-צושטאַנד פון זייערע יודען, דורכדעם וואָס מען האָט אַריינ-
געטראָגען אין אַ רשימה אַלע יודישע וועקסלען און אַלע חפצים,
וואָס זענען ביי יודען פאַרמשכונט געווען; דאָס איז זיי נויטיג גע-
ווען, כדי מען זאָל קאָנען, ווען מען דאַרף, אַרויפלייגען אויף די
יודען פראָפאָרציאָנעל הויכע אָפגאָבען אָדער רייך-מאַכען דעם
מלוכה-אוצר דורך קאָנפיסקאַציע פון יודישע פאַרמעגענס.

אין ענגלאַנד זענען שוין אין די צייטען פון היינריך II.
(1154—1189) בעשטימט געווען בעזונדערע יודען-ביסקופען, וואָס
זייער זאַך איז געווען זיך אָפצוגעבען מיט די צושטעלונגען פון
די קנייות, וואָס דער קעניג האָט געמאַכט ביי זיינע יודען. פאַר
די יודען האָט עקזיסטירט אַ ספּעציעלע שאַץ-קאַמער: דאָס „סקאַ-
קאַרום יודעאָרום" אָדער „יודאַאיזמי". די אויבער-קאָנטראָל איבער
דער פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיגער שאַץ-קאַמער האָט געהאַט די
מלוכה'שע שאַץ-קאַמער. די דאָזיגעביידע קאַמערן זענען אויך גע-
ווען די ערשטע, וואו עס זענען רעגולירט געוואָרען די יודישע
געלד-ענינים. דאָרטען זענען איינגעצאָלט געוואָרען די סומען, וואָס
מען איז שולדיג געווען די יודען[228]. די פראָצעדור, לויט וועל-
כער עס זאָלען געשלאָסען ווערען הלוואה-געשעפטען פון די יו-
דען, האָט רעגולירט די קאַפיטולאַ יודעאָרום (יודען-געזעץ) פון
ריכאַרד לייבענהאַרץ (1194)[229]. דער הלוואה-אָפמאַך האָט געמוזט
געשלאָסען ווערען אין געגענוואַרט פון אַכט פערזאָן אויף אַזאַ מין
אופן: דער שטר-חוב (דער וועקסעל) איז אויפגעשטעלט געוואָרען
אין צוויי עקזעמפלאַרען, איין עקזעמפלאַר האָט בעקומען דער יו-
דישער מלווה, און דער צווייטער איז אַריינגעלייגט געוואָרען אין
אַ שאַנק (ארקא קאָמוניס), וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער
אויפזיכט פון דער מלוכה. ענדערונגען אינ'ם שטר-חוב האָט מען
געמוזט מאַכען בלויז אין דער געגענוואַרט פון צוויי וועכטער פון
דער שאַנק (קלעריצי), וועלכע האָבען געהאַט ביי זיך אין אַ ספּעציעלער
מגילה (ראָטולוס) קאָפּיעס פון אַלע וועקסלען, און ביי יעדע ענדע-

רונג אינ'ם חוב האָבען זיי געמאַכט די אייגענע ענדערונג אויף אין דער קאָפּיע אין זייער ראָטולוס. ווען דער חוב איז אָפּגע-צאָלט געוואָרען, האָט דער יודישער מלווה אַרויסגעגעבען דעם לווה אַ קבלה, וועלכע דער לווה האָט געדאַרפט צושטעלען דיביידע קלעריקעס און דאַן האָט ער אָפּגעקריגען פון זיי דעם עקזעמפּלאַר פונ'ם וועקסעל, וועלכער איז געלעגען אין דער שאַנק. אין דער צייט פון ריכאַרד I. האָבען די יודען געמעגט געבען הלוואות בלויז אין זעקס אָדער זיבען ערטער; שפּעטער איז עס זיי ער-לויבט געווען אין 26 ערטער, וואו עס זענען איינגעאָרדענט גע-וואָרען אַזעלכע חובות-שענק. די ריין פיסקאַלישע טעמים פונ'ם קעניג ביים גרינדען דאָס דאָזיגע יודישע שאַנק-קאַמער-אַמט ווערען דערווייזען צווישען אַנדערע אויך פון די אַן ערך 10 פּראָצענט פון פונט, וואָס דער קעניג האָט בעקומען פון אַלע געשעפטליכע קאָנטראַק-טען, אין וועלכע די יודען זענען געווען בעטייליגט. די השגחה איבער די יודישע געלד-געשעפטען איז איבערגעגעבען געווען אין די הענד פון צוויי ריכטער פון די יודען (justices of the Jews), וועלכע פלעגען פון צייט צו צייט אַרומפאָרען איבער'ן לאַנד און נאָכשפּירען אומעדום, צי מאַכען נישט די יודען בשתיקה געשעפ-טען דורך וואָס דעם קעניגס איינקונפטען וואָלטען זיין געקירצט.

אין פראַנקרייך האָבען די פאָרשטייער (praepositi) פון די יודישע קהילות, אַלס די געזעצליכע ראשים פון די קהילות, געהאַט צווישען אַנדערעס אויך דאָס רעכט צוצויאָגען די בעלי-חובות פון די יודען זיי זאָלען צאָלען. 230 די דאָזיגע פּראָטעזשירונג פון דער יודישער וואָכעריי שטאַמט ווייזט אויס פונ'ם קעניג לודוויג VII. (1137—1180), וואָס אַ כראָניסט פון זיין צייט זאָגט אים נאָך דעם שבח, אַז אויס גרויס תאווה נאָך געלד האָט ער געגעבען די יודען גרויסע פּריווילעגיעס 231). און די באַראָנען האָ-בען קאָנקורירט מיט'ן קעניג צוליב די יודען. ווען דער מלך פיליפּ אויגוסט (1180—1223) האָט פאַר הויכע אָפּגאָבען צוזאַ-מענגעלאָזט אין די גרעניצען פון זיין ממשלה די יודען, וועלכע ער האָט פריהער, אין יאָר 1182 געהאַט אַרויסגעטריבען, האָט ער געשלאָסען מיט'ן גראַף פון שאַמפּאַניען אַן אָפּמאַך בנוגע די יודישע געלד-געשעפטען. אינ'ם דאָזיגען אָפּמאַך (1198) האָבען דער קעניג און דער גראַף פאַרווערט די יודען אין איינעם צו שליסען הלוואה-קאָנטראַקטען מיט די אונטערטאַנען פונ'ם אַנדערען. דער צוועק פונ'ם דאָזיגען פאַרבאָט איז קלאָר: סיי דער קעניג, סיי דער גראַף וועלכער איז איבערצייגט געווען אין זיין אייגענטום-רעכט אויף

דז יודען, האָבען נישט געקאָנט פאַרלאַנגען, אַז דורכדעם וואָס אַ מלווה פון „זייערע“ יודען וועט מאַכען דאָס הלוואה-געשעפט אין אַ פרעמדען גבול זאָלען זיי פאַרלירען די יניקה, וואָס זיי האָבען פון יעדען געשעפט אזעלכען, ווען ער ווערט אין זייער גבול געשלאָסען. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָבען זיי מיטן בעשטימען אַ גבול, אַ טעריטאָריאַלע גרעניץ, פאַר די וואָכעריי-געשעפטען פון זייערע יודען, געוואָלט צובינדען די יודען פעסט צום לאַנד פון זייער ממשלה, כדי עס זאָל נישט טרעפען, אַז אַ רייכער יוד פונ׳ם גראַפ׳ס געגענד זאָל זיך אריבערציהען אינ׳ם קעניג׳ס געגענד און אַזוי אַרום רייך-מאַכען דעם קעניג מיט זיינע געלד-זעק, וועלכע יענער וואָלט ביי אים תיכף געקאָנט קאָנפיסקירען. ס׳איז בעקאַנט דער סיכסוך צווישען דעם קעניג פיליפ II. מיט דער גרעפין בלאַנש צוליב דעם יוד קרעסעלין, פאַרשטייט זיך נישט צוליב דעם יוד גופא, נאָר צוליב דעם קוואַל פון געלד, וואָס דער יוד איז געווען פאַר דער גרעפין, און וועלכען זי האָט געהאַלטען ביים פאַרלירען צוליב דעם, וואָס דער יוד האָט זיך אריבערגעצויגען אינ׳ם קעניגס גבול אַריין.

בנוגע דעם צונויפשטעלען די דאָקומענטען וועגען חובות, האָט פיליפ אַרויסגעגעבען אָפיציעלע פאָרשריפטען ערשט אינ׳ם וואָכעריי-פאַטענט פון יאָר 206 [233]). יעדער שטר-חוב האָט געמוזט געשטעמפעלט ווערען. אויב אַ יוד האָט געגעבען אַ הלוואה אָהן אַ געשטעמפעלטען דאָקומענט, איז דער לווה גאָר נישט מחוייב געווען אָפצוצאָלען, סיידען ער האָט געגעבען אַ משכון אין געלד, זילבער, קליידער אָדער בהמות. אין יעדער שטאָט זענען בעשטימט געווען צוויי פערזאָן פון דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איינער פון זיי האָט געהאַלטען דעם זיגעל פון די יודען, דער אַנדערער — די דאָקומענטען. חוץ דעם איז געזעצט געווען אַ ספּעציעלער שרייבער אויף צונויפשטעלען די נוסחאות פון די קאָנטראַקטען, און דער שרייבער האָט געמוזט לייגען קויציע, אַז ער וועט זיך פירען ערליך אויף זיין אַמט. גלייך ווי דער שטר-חוב איז אויסגעשטעלט געווען און דער לווה האָט דערהאַלטען דאָס געלט, האָט סיי ער סיי דער יודישער מלווה געמוזט געבען אַ שבועה, אַז זיי האָבען גענומען און געגעבען בלויז די סומע, וואָס איז אָנגעגעבען אינ׳ם חוב-דאָקומענט.

אין ד י י ט ש ל אַ נ ד האָט די וועלטליכע געזעצגעבונג זיך אַריינגעמישט אין די יודישע געלט-געשעפטען ערשט אַרום דעם מיטען פון 13-טען יאָרהונדערט. אַלענפאַלס זענען דאָ זייער פאַר-

שידען געווען די פּאָראָרדנונגען וועגען דעם, און דאָס לאָזט זיך ערקלערען דערמיט, וואָס אין דייטשלאַנד איז די צענטראַלע מאַכט געווען אַסך שוואַכער, איידער אין ענגלאַנד און פראַנקרייך.

דערגעגען האָט אין אונגארן שוין אַרום דאָס יאָר 1100 עקזיסטירט אַ ספּעציעלער דעקרעט וועגען די הלוואות פון קריסטען און יודען, „decretum de mutuis christianorum et judaeorum“ (235 וואָס איז אַרויסגעגעבען געווען פונ׳ם קעניג קאָלאָמאַן. לויט דעם דאָזיגען דעקרעט האָט מען געמוזט געבען אַ הלוואה בלויז אין געגענוואַרט פון עטליכע יודישע און קריסטליכע עדות, און אין פאַל פון אַ ספק בנוגע דער סומע פונ׳ם אַנטליהענעם געלד האָט זייער עדות-זאָגען מכריע געווען.

כמעט אין דערזעלבער צייט (2-טער יאָרצענדליג פונ׳ם 12-טען יאָרהונדערט) האָבען די פירשטען, וואָס האָבען זיך פערזאַמעלט אין קיעוו אונטער וולאַדימיר דעם 2-טען, בעשלאָסען צו בעגרענעצען די געלד-געשעפטען פון די יודען אין רוסען-לאַנד אין די געזעצען, וואָס זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין ווידאָביטש, איז געזאָגט געווען, אַז פאַר געלדער, וועלכע ווערען אויסגעבאָרגט אויף אַ קורצען טערמין, מעגען די צינזען גענומען ווערען בלויז מאָנאַטליך. די צינזען פון די סומען, וואָס זענען אויסגעבאָרגט אויף אַ לענגערע צייט, האָבען געזאָלט גענומען ווערען יעדע דריי חדשים; האָט דער מלווה גענומען די צינזען דריי מאָל אין איין קוואַרטאַל, פערלירט ער דערמיט זיין תביעה אויפ׳ן געליהענעם קאַפּיטאַל (236.

## 4. די מיטעלאַלטערליכע „יובל-יאָרען".

„פונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ יובל-יאָר (quasi esset annus jubilaeus) האָט דער קעניג בעפרייט די בעלי-חובות פון די נגישות פון די יודען“(237 — שרייבט אַ כראָניקער פון 12-טען יאָרהונדערט אין צוזאַמענהאַנג מיט די שווערע רדיפות אויף יודען אונטער פיליפ אויגוסט׳ן. אמת, ס׳האָט אָנגעקוואָלען דער ריטער, און דעסגלייכען דער בירגער און דער פויער; אָבער פונדעסטוועגען דעם גרעסטען חלק אינ׳ם רויב האָט בעצם געהאַט דער קעניג.

צווייערליי שטייגערס זענען געווען אין מיטעלאַלטער אויף פטור צו ווערען פון די יודען, וועלכע מאָגען זיך די חובות. דאָס סאַמע פשוט׳ע מיטעל איז געווען — בעמען און דערהרג׳ענען זיי.

אָבער דאָס האָט פונדעסטוועגען נישט שטענדיג געווירקט, אַז גלייכ־צייטיג זאָלען צו־נישט ווערען די וועקסלען. דען אָפט האָט דער קעניג אָדער דער באַראָן ערקלערט, אַז די תביעות פון די יודען זענען איצט אַריבערגעגאַנגען אויף זיי, ווייל לויט דער טעאָריע, וואָס האָט דאָ געזאָלט אָנגעווענדט ווערען, געהערען דאָך די יודען צו דער שאַץ־קאַמער פונ'ם מאַלכהאָבער. דאָס בולט'סטע ביישפיל דערויף איז די שחיטה אויף יודען אין ענגלאַנד אין יאָר 1190, וואָס האָט געהאַט אַזאַ מין עפילאָג: דער קעניג ריכאַרד האָט בע־שטימט ריכטער, וואָס זאָלען אַרומפאָרען איבער'ן לאַנד און פעסט־שטעלען דעם מין און די גרייס פונ'ם אייגענטום און פאַרמעגען פון די דערהרג'עטע יודען און מאַכען אַ גענויע שאַצונג פון אַלע חובות, וואָס קומען די דערהרג'עטע יודען אויף היפּאָטעקען אָדער אין אָבליגאַציעס.

אַ צווייטער אופן צו פּטר'ן די חובות איז געווען דער „חסד" פון די מאַכט־האָבער, ווען זיי האָבען „פאַר זייער נשמה וועגען און לכבוד דעם שיינעם נאָמען פון זייערע אבות" רעדוצירט אָדער איינגאַנצען אַנולירט די יודישע תביעות. די רעגירונגען, וואָס ביים אַרויסגעבען די יודען וואָכעריי־פּאַטענטען האָבען זיי קיינמאָל נישט געפרעגט, וואָס פאַר אַ טובה וועלען זייערע אונטערטאַנען האָבען דערפון, האָבען דערזעהן די צרה, וואָס זיי אַליין האָבען געשאַפען (דען דער דרוק, וואָס די יודען האָבען געדריקט דאָס פאָלק, איז געווען בלויז אַ רעפלעקס פון פונקט אַזאַ דרוק, וואָס די יודען זענען געדריקט געוואָרען דורך זייערע שררות), ערשט דעמאָלט ווען זי איז שוין דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה. און כדי צו געבען זיך אַן עצה אינ'ם קריטישען מאָמענט געגען דער צרה, האָבען זיי געמיינט, אַז זיי וועלען פאַרריכטען די עוולה דורך אַ באַרבאַרישער גוואַלד־טאַט. דאָס, וואָס די מלכים און באַראָ־נען האָבען אַמאָל אַנולירט אָדער רעדוצירט די יודישע תביעות, איז געווען אַ מין פערטויבונג פון דער בעפעלקערונג: דאָס פלי־סען פון זייער בלוט און גוטס אין די קופערס פון די באַראָנען דורך די אויסנאָגונג פון די וואָכעריקעס איז בלויז אויף אַ קור־צע צייט אָפּגעשטעלט געוואָרען און גלייך דערויף האָט זיך עס אָנגעהויבען גיסען אַהין נאָך אין שטאַרקערע שטראָמען. דען נאָכ'ן „יובל־יאָר", וואָס האָט אין דער ווירקליכקייט קוים ווען־עס איז בעדויערט אַ גאַנץ יאָר, זענען די וואָכעריקעס בעקליידט געוואָ־רען דורך זייערע שררות מיט נייע וואָכעריי־פּריווילעגיעס אַלס בעפרידיגונג פאַר דער שווערער עוולה, וואָס מען האָט זיי געטון,

און אַמאָל זענען די נייע פּריווילעגיעס געווען נאָך גינסטיגער װי די פריהערדיגע.

אַזוי איז נאָכ'ן דעקרעט פון קעניג לודוויג דעם 7-טען, אַן ערך אין יאָר 1146 (238 וועגען אַנולירען די חובות, געקומען דער בליהונגס-פעריאָד פון דער יודישער גרויסער וואכעריי אין פראַנקרייך, וועלכער האָט זיך געצויגען ביז'ן יאָר 1182, דאָס יאָר ווען פיליפ אויגוסט האָט אַרויסגעטריבען די יודען פון זיין גבול און מבטל געמאַכט זייערע תביעות צו די בעלי-חובות — מיט אויסנאַם פון אַ פינפט-חלק דערפון, וואָס ער האָט צוגענומען פאַר זיך. פונדעסטוועגען שוין אַן ערך אין 1198 זענען די יודען, אריינגערופען געוואָרען דורך דעמזעלבען מלך „געגען אַלעמענס ערוואַרטונג" („Contra omnium opinionem") און פאַר זייער טובה וועגען ווערען מצד דעם קעניג און די באַראָנען אַרויסגעגעבען בעשטימונגען, וועלכע זענען פאַראַן אין די וואָכעריי-פאַטענטען פון די יאָרען 1206 און 1218.

אין דייטשלאַנד זענען ווייזט אויס אַזעלכע מאַניפעסטע. פונ'ם קייזער אָדער פון די באַראָנען וועגען סקאַסירען חובות אַרויסגעגעבען געוואָרען דערהויפּט אין 14-טען יאָרהונדערט (239. אין 12-טען יאָרהונדערט לאָזט זיך נאָטירען פאַר דייטשלאַנד בלויז צוויי פאַלען, ווען מען האָט פאַרלאַנגט צו רעדוצירען די געלט-תביעות פון יודען.

אַזוי האָט בערנאַרד פון קלערוואָ אין יאָר 1146 אין זיין קרייץ-צוג-מאַניפעסט געפאָדערט, אַז לויט'ן בעפעל פונ'ם פּויבסט (עווגעניוס דעם דריטען) זאָל מען פאַרלאַנגען פון די יודען, זיי זאָלען מוחל זיין די צינזען פון די, וועלכע נעמען דעם קרייץ. אין די דאָזיגע שטורמישע קרייץ-צוג-צייטען, ווען דער סימן פונ'ם וועג, וואָס די פרומע מחנות זענען דורכגעגאַנגען, איז געווען יודיש בלוט, קוקט גאָר אויס דער דאָזיגער אויפרוף פון בערנהארד'ן דווקא ווי אַ העכסט הומאַנישער דאָקומענט, בפרט ווען מיר שטעלען אים אַנטקעגען דעם בריוו פונ'ם אַבאַט פון קליוני (אַן ערך אין 1146) צום פראַנצויזישען קעניג, אין וועלכען עס שטייט צווישען אַנדערעס: „מען זאָל צונעמען ביי די יודען זייער גאַנץ געלט, כדי די האַנט פון די קריסטען, געקרעפטיגט דורך דאָס פאַרמעגען פון די יודען, זאָל לייכטער קאָנען ברעכען דאָס עזות פון די סאַראַצינער". — אַ צווייטער פאַל, ווען די גייסטליכקייט האָט זיך אַריינגעמישט אין די פאַרמעגענס-ענינים פון די דייטשע יודען אין 12-טען יאָרהונדערט, איז די בולע פונ'ם פּויפסט אינאָקענטיוס

דעם 3-טען, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פֿאַר דייטשלאַנד אַרום דאָס יאָר 1199 [240]). אין דער דאָזיגער בולע פֿאָדערט דער פּויפּסט ענערגיש פֿון די וועלטליכע שררות, זיי זאָלען צווינגען דורך זייער מאַכט די יודען מוחל צו זיין די ציַנזען, און ווילאַנג די יודען וועלען עס נישט טון, זאָל זיי זיין פֿאַרווערט צו פֿאַרנעמען זיך מיט יעדען מין מסחר.

ענליכע שריפֿטען האָט דער פּויפּסט שפּעטער אַרויסגעלאָזט אויך פֿאַר אַנדערע לענדער [241]).

# ש. די שאַפֿונג פֿון פֿאַרמעגענס ביי די יודען אין מערב דורך זייער בעטייליגען זיך אין עפֿענטליכע איינקונפֿטען.

שוין אין די פֿריהסטע צייטען פֿונ׳ם מיטעלאַלטער האָבען זיך די יודען אַריינגעקראָגען אין געוויסע הכנסה׳דיגע צווייגען פֿון דער מלוכה-פֿאַרוואַלטונג, אדאַנק זייער גרינדליכער ידיעה אין די געלד-ענינים און אַ דאַנק דעם, וואָס אויפֿ׳ן געביט פֿונ׳ם געלד-האַנדעל האָבען זיי טעכניש איבערגעשטיגען די גויישע סוחרים. אמת די קירך האָט דורך אַ מענגע פּאַרטיקולאַר-קאָנציליומס גע-שטרעבט דערצו, אַז אין די קריסטליך-גערמאַנישע מלוכות, וואָס האָבען זיך געשאַפֿען נאָכ׳ן חורבן פֿון דער מערב-רוימישער אימ-פּעריע, זאָל מען די יודען, אַלס „פּידעאי נאָסטרע איניִמיצי" („שונאים פֿון אונזער רעליגיע"), נישט איבערגעבען קיין מיליטערישע אָדער אַדמיניסטראַטיווע אַמטען, מיט וועלכע עס זענען צונויפֿגעבונדען פֿונקציעס פֿון ריכטער, כדי עס זאָל נישט אויסקומען, אַז זיי האָבען אַ דעה איבער די קריסטען [242]); אמת כמעט אַלע קריסטליכע מלוכות האָבען די דאָזיגע בעשטימונגען פֿון דער קירכליכער יודען-געזעצ-געבונג אַריינגענומען ביסלעכווייז אין זייערע גרונד-געזעצען [243]); נאָר הגם די יודען האָבען נישט געקאָנט ווערען קיין גראַפֿען אָדער ריכטער, האָבען אָבער זייערע פֿינאַנציעלע טאַלענטען פֿאַרשאַפֿט זיי פֿונדעסטוועגען צוטריט צו געוויסע פֿינאַנץ-אַמטען.

די איינקאַסירונגען פֿון שטייערן און צאָלען, דעסגלייכען די מינץ-פֿאַרוואַלטונג, זענען זעהר אָפֿט געלעגען אין יודישע הענט. אַזוי געפֿינען מיר אין דער מעראָווינגער מלוכה יודישע מינץ-מייס-טערס. אַב׳ערך אין 555 האָט דער יוד פּריסקוס צוזאַמען מיט דאָ-נאַלוס׳ן געקלאַפּט מטבעות אין שאַלאָן סיר סאָאָן [244]). דער קעניג

דאַגאָבערט האָט (633) איבערגעגעבען אײנעם אַ יוד שלמה אײנ־צוקאַסירען די צאָלען אין פּאַריז [245]). אין דער קאַראָלינגער־מלוכה זענען געװען יודען שטײער־אַרענדאַרען, װעלכע האָבען געהאַט בכן אַ געװיסע מאַכט איבער די קריסטען, טראָץ די פֿערבאָטען פֿונ׳ם קירכליכען רעכט. אַזױ דערצעהלט אַמולאָ אין זײן חיבור „קאָנטראַ יודעאָס״ (846), אַז ער איז דערגאַנגען, אַז געװיסע יודען אין עט־ליכע שטעט זענען אױף אַנ׳אונערלױבטען אופֿן געזעצט אַלס צאָל־מאָנער און זײ דריקען אָרימע קריסטען [246]).

אין שפּאַניען [247]), װאו נאָך דער יודען־פֿײנדליכער רעגירונג פֿון די װעסט־גאָטען איז געקומען דער גלאַנץ־פּעריאָד אין דער יודישער געשיכטע אונטער אראַבישע און קריסטליכע הער־שער, זענען פֿונ׳ם מלוכה־סעקרעטאר און פֿינאַנץ־מיניסטער אָן איבערגעגעבען געװוען די יודען אַלע אַמטען, װאָס האָבען געהאַט אַ שײכות מיט שטײערן און געלט־זאַכען. די קלאַסישע צײט פֿון דער יודישער קולטור־בליהונג אין שפּאַניען, װעלכע איז געװוען געפּאָרט מיט װאױלשטאַנד און פֿול־קראַפֿט, איז גרעסטענטײלס געװוען די אַרבײט פֿון יענע יודישע גרױסע לײט, װעלכע זענען געװוען בײ די מאַכמעדאַנישע און קריסטליכע הױפֿען אין שפּאַניען נאמנים און מיניסטאָרען און האָבען דורך זײער שכל און געניט־קײט דערפֿירט צו דער װירטשאַפֿטליכער אױפֿבליהונג פֿון דער האַלב־אינזעל. מיר װילען בלױז דערמאָנען חסדאי אבן שפּרוט (10־טער יאָרהונדערט), װעלכער איז בעװאונדערט געװוען צוליב זײן גאונות אין דער קונסט פֿון דיפּלאָמאַטיע: דורך זײנע הענט פֿלעגען אַרײנפֿליסען אין די מלוכה־קאַסעס די אײנקונפֿטען פֿאַר פּראָדוקטען און צאָלען; ד פֿירשטען אינ׳ם גבול פֿון אַנדאַלוזישען קאַליפֿאַט: יעקב אבן גאו, שמואל אבן נגרילה דער מיניסטער אין גראַנאַדאַ, זײן זוהן יוסף אבן נגרילה, װעלכער האָט געירשנט נאָך זײן פֿאָטער אַלע זײנע הױכע אַמטען; אבן מיגש און אבן פּדל חסדי, װעלכע זענען געזעסען אױף הױכע שטעלעס; יצחק אבן אלבליה, װעלכער איז בעשטימט געװוען אַלס פֿירשט איבער אַלע געמײנדעס פֿונ׳ם סעװיל׳ער קעניג; די יודישע דיפּלאָמאַטען בײם הױף פֿונ׳ם קאַסטילישען קעניג אַלפֿאָנסאָ II. (11־טער יאָרהונ־דערט) אבן שלביב און צידעלוס; די פֿירשטען אבן עזרא; שלמה אבן שושן און אברהם אבן אַלפֿאַכאַר (12־טער יאָרהונדערט), װעלכע זענען געזעסען אױף מלוכה־שטעלעס בײם הױף; און ענדליך די פֿיל אַריסטאָקראַטישע יודישע פֿאַמיליעס אלנקװה, אבן פֿאַליאַג, אבן גיאת אבולפֿיה א. אַז. װ., װאָס זײערע מיטגלידער זע־

:ען אָפּט אָנגעקומען אויף הויכע שטעלעס.

אן ענליכע פּאָזיציע האָבען די יודען ביז'ן 11-טען יאָרהונדערט (1016) פֿערנומען בלויז נאָך אין איין אייראָפּעאישער מדינה — אין דער מלוכה פון די כוזרים, וואו אַלע מלוכה-בעאמטע, אויך דער גאַנצער הויף, זענען געווען יודען.

אין די איבעריגע לענדער פון אייראָפּאַ זענען יודען אָנגעקומען אין די פינאַנץ-פערוואַלטונג אָפּטערס ערשט זינט דעם 11-טען יאָרהונדערט. וואָס מעהר די געלד-ווירטשאַפט האָט פּראָגרעסירט, אַלץ קאָמפּליצירטער איז געוואָרען די מלאכה פון אויפמאָנען די אָפּגאָבען און שטייערן פאַר'ן מלכות און באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען דאָס בעדערפֿניש אין געלערנטע כוחות. אָבער אַלס אַזעלכע זענען געשטאַנען אויפ'ן ערשטען פּלאַן די יודען, וועלכע זענען פון לאַנג-אַן געווען בעוואַנדערט אינ'ם מסחר מיט סחורות און געלד. און אומעדום טרעטען זיי טאַקי אַרויס אַלס די ערשטע אויפ'ן אָרט פון די פעאָדאַלע פונקציאָנאַרען, וועלכע האָבען ביזאַהער געהאַט אין זייערע הענד די פינאַנץ-אַדמיניסטראַציע. די עפּענטליכע אָבגאָבען ווערען פערפּאַכטעט צו יודישע פינאַנץ-לייט אָדער זיי ווערען פערמשכונ'ט ביי יודען געגען אַוואַנסען, וואָס די לעצטע האָבען געגעבען אין דער פאָרם פון הלוואות.

אַזוי האָבען די מלכים אין ענגלאַנד אין 11-טען יאָרהונדערט, כדי צונויפצוקלאַפּען אַזויפיל געלט ווי נאָר מעגליך, פערפּאַכטעט ביי יודען די איינקונפטען פון די וואַקאַנטע ארציביסקופּאַטען, ביסקופּאַטען און קלויסטער-ראַיאָנען. די יודישע אַרענדאַרען האָבען געהאַט דערפאַר צו צאָלען אונגעהייערע סומען אַרענדע-געלד [248]).

אין פראַנקרייך זענען אין 12-טען יאָרהונדערט געווען אַסך יודען שטייער-אַרענדאַרען און זיי האָבען אויך ערפילט אַנדערע אַמטליכע פונקציעס [249]). אַ בעקאַנטע פּערזענליכקייט אין דער דאָזיגער צייט איז געווען דער געלערטער נתן אָפיסיאַל, וועלכער איז געווען — אַזוי ווי עס זאָגט שוין זיין טיטול — גיטער-פערוואַלטער (bailli) מן-הסתם ביים סאַנ'ער אַרציביסקופּ [250]). אין זיינעם אַ בריוו צום פראַנצויזישען קעניג קלאָגט זיך דער פּויפּסט אינאָקענטיוס III. איבער דעם, וואָס די יודען, „האָבען שלעסער אין זייער רשות און זענען פערוואַלטערס ביים אַדעל" [251]). בעזונדערס האָבען די יודען אין דרום-פראַנקרייך (פאַר די אַלביגאָזישער מלחמות) פאַרנומען אַזעלכע הויכע שטעלעס, אַז דער פּויפּסט האָט געמאַלטען אין איין מתרה זיין געגען דעם. אַזוי האָט רעימאָן

X„ גראַף פון טולוז (1194) געהאַט יודישע בעאַמטע, וועלכע האָבען פּאַרוואַלטעט מיט זיינע גיטער. אויך זיין זוהן, רעימאָן II. האָט אָנגעטרויט די יודען עפענטליכע אַמטען, וועגען וואָס אינאָקענטיוס III. האָט אים אין אַ בריף פון יאָר 1207 די ביטערסטע פאָרוואורפען געמאַכט [252].

אין דייטשלאַנד האָבען די יודען אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט פיגורירט דערהויפט אַלס מינצער. זייער ידיעה אין געלד-ענינים איז דער עיקר אויסגענוצט געוואָרען דורך די גרויסע לייט אין דער מלוכה. אַזוי ווי די מלוכה-מאַכט האָט דאָ געהאַט אויסצושטיין דערפון, וואָס די באַראָנען האָבען כסדר אַלץ מער בעקומען אַ דעה אויף די מאָסען און די מטבעות, האָט פון 12-טען יאָרהונדערט אָן זיך אָנגעהויבען אַ קאַטאַסטראָפאַלע מהומה אין די מינץ-ענינים, ווייל יעדע געגענד פון אַ גרויסען שררה האָט שוין געהאַט איר אייגען געלט. אויף די טעטיגקייט פון די יודען אַלס מינץ-מייסטערס ווייזען-אָן צוויי אַלטע מטבעות, וועלכע שטאַמען פון 12-טען יאָרהונדערט; איין טורם-מטבע פון אַ גראַף פון מאַנספעלד מיט אַ יודישער אויפשריפט [253], און איין לייבען-מטבע פונ'ם זאַקסישען הערצאָג בערנהאַרד 1 מיט אַנ'אויפשריפט, וואָס אירע צייכענס האָבען אַנ'ענליכקייט מיט העברעאישע אותיות [254]. אַנ'ערך אין 1194 ווערט אין יודישע ווי אין קריסטליכע קוועלען דערמאָנט אַלס מינץ-מייסטער פונ'ם עסטרייכישען הערצאָג לעאָפּאָלד V (1177-1194) דער יוד שלמה [255]. דער דאָזיגער יוד ווייזט אויס איז געשטאַנען נישט בלויז אין דער שפּיץ פון דער מינץ אין ווין, נאָר אויך פון דער מינץ אין ווינער-נייישטאָט.

די דייטשע פירשטען האָבען זיך נישט געדאַרפט שייען צו נעמען יודען אַלס פינאַנץ-בעאַמטע, אויב דער פויפסט אַלעקסאַנדער III. גופא (מיטען פון 12-טען יאָרהונדערט) האָט געהאַט יודישע בעאַמטע, דערונטער אויך אַנ'אייניקעל פונ'ם בערימטען לעקסיקאָגראַף נתן, מיט'ן נאָמען ר' יחיאל, וועלכער האָט געהאַט די שטעלע פונ'ם פויפסט'ס פינאַנץ-מיניסטער [256].

אין גרויספוילען האָבען יודען אין דער צייט פון מיעטשיסלאַוו III. (1173-1179) געהאַלטען אין אַרענדע די מינץ און האָבען אויך געקלאַפּט מטבעות מיט העברעאישע אותיות דערויף. אין יאָר 1872 איז אויסגעגראָבען געוואָרען אינ'ם דאָרף גלעמבאָקאָ (גרויס-פוילען) אַן אוצר פון אַזעלכע אַלטע מטבעות, וועלכע שטאַמען פון די צייטען פון מיעטשיסלאַוו III., קאַזימיר דעם גערעכטיגען (1194) און לעשעק דעם ווייסען (1205) [257].

אויך אין אונגארן זענען די יודען אין 12=טען יאָרהונדערט געזעסען אויף עפּענטליכע אמטען, ביז זיי זענען דערפון אויסגע־שלאָסען געוואָרען דורך דעם פאַרבאָט פון אַנדרעאַס דעם 2-טען [258].

ענדליך דאַרף מען נעמען אין אַכט די דאָקטוירים־פּראָ־פעסיע, וואָס איז שטאַרק פאַרשפּרייט געווען צווישען די יודען, אַלס אַ וויכטיגע קוועלע פון מעגליכקייטען אָנצוזאַמלען קאַפּיטאַלען. ווי בעוואוסט, זענען די יודען אין מיטעלאַלטער געווען די פּאָפּולער־סטע מעדיקער און נישט בלויז די הערשער פלעגען זיי האַלטען אַלס לייב־דאָקטוירים, נאָר אויך דאָס פאָלק פלעגט זיי שטאַרק נעמען. דערהויפּט האָט זיי דאָ צוגעהאָלפען דער אַבערגלויבען פונ'ם פאָלק, אַז די יודישע דאָקטוירים, מענשען פון אַ פרעמדער ראַסע און אַן אַנדער אמונה, ווייסען עפּעס געהיימניספולע שפּרוכען און קענען זיך אויף כישוף. פאַרשטייט זיך, אַז די קירך האָט גוואַלטיג שיקאַ־נירט די יודישע דאָקטוירים, אָבער בלויז דורך בעשלוסען פון קאָנ־ציליומס [259]), וועלכע האָבען קנאַפּ־וואָס געהאָלפען. דען פאַקטיש זענען די יודישע דאָקטוירים נישט זעלטען גענומען געוואָרען אויך דורך הויכע גייסטליכע; ז.ב. איינצעלנע שטעט האָבען זיי פאַרנו־מען די שטעלעס פון שטאָט־דאָקטוירים, עפענטליכע שטעלעס, פאַר וועלכע מען פלעגט קריגען אַ יערליכע פּענסיע [260]).

# 5. יודיש ערד־אייגענטום אויפ'ן לאַנד און אין די שטעט.

## (ביז'ן סוף פון 12=טען יאָרהונדערט).

שוין אינ'ם פריהסטען מיטעלאַלטער זענען ד ייודען, וועלכע זענען אין די גערמאַנישע מדינות אַלס פרעמדע ביסלעכווייז אַרויס־געשטופּט געוואָרען פונ'ם ערד־אייגענטום, געוואָרען אַ בעוועגליכער עלעמענט צווישען די פעלקער; צוליב זייער רירעוודיגען בעשעפטי־גען זיך אינ'ם צווישען־האַנדעל און דערנאָך אויך אינ'ם וועלט־האַנדעל האָבען זיי זעלטען נאָר געשטרעבט צו ערד־אייגענטום, הגם צייטענווייז אונטער דער ממשלה פון יודען־פריינדליכע מלכים איז זיי פאַרלייכטערט געוואָרען דער צוטריט דערצו. אַן אויסנאַם איז אָבער געווען די פּירענעאיישע האַלב־אינזעל; אין שפּאַניען, וואו די יודען זענען פון כמה דורות געווען פעסטע תושבים אויפ'ן לאַנד, און אַפילו אונטער דער ממשלה פון די וועסטגאָטען זענען זיי פיל

נישט אויסגעשלאָסן געוואָרען פונ׳ם ערד־אייגענטום (אזוי ווי עס דערוויייזט צווישען אַנדערעס דער שטייער, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט פון זייערע „רעס פּראָפּריע״)—איז דער איבערגאַנג פון דער ממשלה צו די אַראַבער, וועלכע האָבען געהאַט פון די יודען גרויסע טובות ביים איינגעמען די האַלב־אינזעל, געוועזען פאַר׳ן יודישען ערד־אייגענטום אַ גרויסע מעלה. אונטער די מילדע מאָהמעדאַנישע הערשער האָבען די יודען הונדערטער יאָרען לאַנג פאַרמאָגט אומגעשטערט שטיקער ערד, פון וועלכע זיי האָבען בלויז געהאַט צו צאָלען דעם כאַראַדזש, ד. ה. דעם ערד־שטייער. אַזוי ווי לויט׳ן קאָראַן געהערט דאָס גאַנצע לאַנד צום אייבערשטען, אָדער ריכטיגער צו זיין שטעלפאַרטרעטער אויף דער ערד, דעם קאַליף, האָבען די יודען געקענט זיך שאַפען דעם זכות אויף ערד־אייגענטום בלויז דורך שטייער - קאָנטראַקטען, וועלכע זיי האָבען געשלאָסען מיט׳ן מושל פון די גלויביגע. ביי די שפּאַנישע יודען איז דער יסוד פאַר זייער ווירטשאַפטליכער לאַגע געווען, לויט אַלע סימנים, נישט דער האַנדעל נאָר דער עיקר דאָס ערד־אייגענטום און דורכדעם ווערט אגב ערקלערט, וואָס אין די צייטען פונ׳ם יודישען וועלט־האַנדעל זענען די רירעוודיגסטע סוחרים געווען נישט די שפּאַנישע, נאָר דווקא די נישט געבונדענע צו דער ערד פּרענקישע יודען.

די נחלאות, וואָס מיר געפינען אין 8־טען יאָרהונדערט אין דרום־פראַנקרייך אַלס ירושה־אייגענטום פון געוויסע יודען, זענען אפנים איינגעשאַפט געוואָרען דורך די יודען נאָך אונטער דער צייט פון דער אַראַבער־הערשאַפט. ווען די פרענקישע מלכים האָבען אין 8־טען יאָרהונדערט פאַרשפּרייט זייער ממשלה ביז דער שפּאַנישער האַלב־אינזעל, זענען דורך קאַרל׳ען און קאַרלאָמאַנ׳ען (768-772) בעשטעטיגט געוואָרען פאַר די יודען זייערע ירושה־גיטער אין דער אומגעגענד פון נאַרבאָן. אָבער בעצייטענס האָט שוין די קירך גענומען אַגיטירען, אַז מען זאָל ביי די יודען זייערע ירושה־גיטער אַוועקנעמען; דען די לאַגע, אין וועלכער די יודען האָבען גזיך געפונען אַלס אייגענטימער פון נחלאות, דאָס וואָס זיי האָבען געהאַט צו זאָגען איבער די קריסטען, וועלכע זענען אויף זייער ערד געזעסען, איז געווען אַ שאַרפער בעגעגנזאַץ צו די מיינונגען פון דער קירך. אַזוי שרייבט טאַקע דער פּויפּסט סטעפאַן III. (758-772) צום אַרציביסקופ פון נאַרבאָן, אַז ער האָט געהאַט אַן אומגעהייערען עגמת־נפש, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די אומה יודען, פּראָטעזשירט דורך געוויסע געזעצען פון די פּרענקי־

שע מלכים, פאַרמאָגט ירושה-גיטער (allodia haereditatum) אויפ'ן לאַנד און אונטער די שטעט (in suburbanis) ‏[261]. א דייטליכע ראייה דערויף, וואָס פאַר אַ רעזולטאַטען עס האָט געבראַכט די אַגיטאַציע פון דער קירך, גיט אונז די הקדמה אין אַ יודען-שוצבריוו פונ'ם קייזער לודוויג פון יאָר 839: דער יוד גאודיאָקוס (שמחה) און זיינע זיהן זענען געקומען זיך בעקלאָגען ביים קייזער, אַז דער שוצבריוו, וואָס לודוויג האָט זיי אַמאָל געגעבען בנוגע די גיטער וואָס זיי האָבען על פי-דין געירשנ'ט נאָך זייערע עלטערן (אין סעפטימאַניען, אין דרום-פראַנקרייך) און לויט וועלכען זיי זענען רוהיג געוועזען די בעל הבתים דערפון, איז ביי זיי דורך בייזוויליגע מענשען אוועקגעגזל'ט געוואָרען. דער קייזער גיט אַרויס די יודען אַ נייעם שוצבריוו, אין וועלכען זיי אַליין, ווי אויך זייערע קינדער און קינדס-קינדער ווערען אָנערקענט אַלס די געזעצליכע אייגענטימער פון די דערמאָנטע גיטער און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די גיטער, ווי געביידעס, לאָנקעס, וויינגערטנער, מילען, וועגען א. אַז. וו. ‏[262]. אויף אַן ענליכען שטייגער, ד. ה. דורך אַרויסקריגען אַ ספעציעלען קייזערליכען שוץ האָבען אויך אַנדערע פראַנצויזישען יודען געזוכט צו זיין אומגעשטערט די בעל הבתים איבער זייערע נחלאות. אין די פיער שוצבריוו פון לודוויג דעם פרומען (פאַראַן זענען איצט נישט מער ווי פיר, נאָר אויסגעשטעלט זענען אפנים געוועזען דורך אים אַ סך מער שוצ-בריוו) איז געזאָגט, אַז די יודען, פאַר וועלכע די דאָקומענטען זע-נען אויסגעשטעלט, האָבען די פולסטע דעה צו דיספאָנירען מיט זייערע „רעס פראָפריע"—וואָס פאַרשטייט אונטער „רעס פראָפריע" אויך ערד-אייגענטום ‏[263]. אָבער שוין מיט איין יאָרהונדערט שפע-טער איז דער דאָזיגער קייזערליכער היתר מער נישט אָנערקענט געוועזען. אין 10-טען יאָרהונדערט זענען בישקופאַטען און קלויסטערס געוואָרען אייגענטימער פון גיטער, אָפט אויפ'ן חשבון פון יודישע ערד-בעזיצער. אַזוי האָט קאַרל דער תם אין די יאָרען 914,899 922 אַוועקגעשענקט דעם אַרציבישקופאַט און די קירכען אין נאָר-באָן די שטיקער ערד, וויינגערטנער, הייזער און מילען, וועלכע האָבען געהערט צו יודען און פון וועלכע די יודען האָבען אַמאָל בעצאָלט אַלס שטייער אַ צענט-חלק ‏[264].

דעפינג ‏[265] מיינט, אַז דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַ גירוש פון יודען צוליב געשעהענישען, וועלכע זענען אונז נישט בעקאַנט, און צוליב דעם זענען זייערע פאַרמעגענס קאָנפיסקירט געוואָרען און איבערגעגעבען צו די קירך-אינסטיטוציעס. נאָר מיר האַלטען,

אַז די ערקלערונג פאַר דער [illegible]גער קאָנפיסקאַציע פון יודישע גיטער ליגט דערין, וואָס מיט דער ענטוויקלונג פון דעם פעאָדאַלען סיסטעם האָט דאָס יודישע ערד-אייגענטום אויפ׳ן לאַנד אָנגעהויבען אַלץ מער צו שטעלען אין די אויגען, ווייל צוזאַמען מיט׳ן ערד-אייגענטום האָט מען געהאַט בעדייטענדע פּאָליטישע זכיות׳ן און צוליב קירכליכע ווי אויך צוליב וועלטליכע מאָטיווען האָט מען נישט געקענט פאַרטראָגען, אַז די דאָזיגע זכיות׳ן זאָלען ליגען אין יודישע הענט.

דאָס קנאַפּע ביסעל דאָקומענטען, וועלכע מיר האָבען מכּח יודישען ערד-אייגענטום אויפ׳ן לאַנד אין יענע צייטען, גיבען אונז פונדעסטוועגען די מעגליכקייט צו שאַפען זיך אַ בעגריף וועגען דער כּסדר׳דיגער פאַרענדערונג פון די זכיות׳ן, וואָס זענען געווען צונויפגעבונדען מיט׳ן אייגענטום-רעכט פון די יודען אויף לאַנדגיטער. אין דער צייט, וואָס אין 8-טען יאָרהונדערט שרייבט נאָך דער פּויפּסט סטעפאַן III. וועגען יודישע „ירושה-גיטער אויפ׳ן לאַנד און אונטער די שטעט", און דאָס וואָרט „אַלאָדיום", וואָס ווערט געברויכט אין דער שריפט בנוגע די גיטער לאָזט משער זיין, אַז די יודישע נכסי דלא ניידי זענען פריי געווען פונ׳ם פעאָדאַלען-באַנד און פון צינז-פליכטען [266], ווערט אויפפאַליג אין די שוץ-בריף פון לודוויג דעם פרומען (9-טער יאָרהונדערט) דער אויסדרוק „רעס פּראָפּריע" בנוגע דעם יודישען ערד-אייגענטום, דען ווי בעוואוסט, געפינט זיך דער אויסדרוק „פּראָפּריעטאַס" אויך פאַר אייגענטום, וואָס געהערט צום פעאָדאלען פאַרבאַנד, אָבער צינזפליכטיג אייגענטום [267]. אין די מתנה-דאָקומענטען פון קאַרל דעם תּם (10-טער יאָרהונדערט) לעזען מיר אויך וועגען דעם, אַז די יודישע גיטער, וואָס זענען קאָנפיסקירט געוואָרען פאַר די קלויסטערס, זענען פריהער צינזפליכטיג געווען.

ביז׳ן סוף פון 10-טען יאָרהונדערט לאָזט זיך אויסווייזען אין דייטשלאַנד יודיש ערד-אייגענטום בלויז אין עטליכע ערטער.

אַרום 945 ווערט דערמאָנט צווישען די נחלאות פון אַ קלויסטער אין מעץ אַ וויינגאָרטען, וואָס איז פריהער געווען דאָס אייגענטום פון אַ יוד דויד [268]. דער אַראַבישער רייזענדער איבראַהים איבן יעקב דערמאָנט אין זיינע רייזע-בעריכטען אַ זאַלץ-זידעריי פון יודען נאָהנט פון נאַומבורג (970) [269]. אין יאָר 981 [270] האָט אַ יוד שמואל געוואָלט פאַרקויפען צו אַ קלויסטער זיין גוט שיערשטאַדט (אין דער סביבה פון רעגענסבורג), האָט מען קודם-כּל געמוזט קריגען אַ קייזערליכע ערלויבניש; אַ בעוויין

אַז דער יוד האָט נישט געהאַט קיין אומבעגרענצט אייגענטום-רעכט אויף דער נחלה און אַז אייגענטליך האָט זיך עס געהאַנדעלט וועגען פאַרקויף פון זיינע רעכט צו בענוצען די ערד, וואָס איר בעל-הבית איז געווען דער קייזער.

פון די איבעריגע לענדער אין מערב-אייראָפּע לאָזט זיך אויסווייזען אין ע נ ג ל אַ נ ד יודיש ערד-אייגענטום אין 9-טען יאָרהונדערט. אַרום 833 האָט דער קעניג וויטגלעף בעשטעטיגט פאַר דעם קלויסטער-ראַיאָן פון קראָילענד דאָס אייגענטום אויף יעדען מין נכסים און מתנות, וועלכע ער האָט בעקומען פון'ם אַדעל אָבער אויך פון יודען. די דאָזיגע ידיעה [270] גיט אַ גרונד אָנצונעמען, אַז בנוגע דעם אייגענטום-רעכט זענען דעמאָלט די יודען נישט געווען אין אַזאַ לאַגע, וואָס זאָל זיין געווען אַנדערש ווי די לאַגע פון די קריסטען.

אין א י ט אַ ל י ע ן, וואו מע קאָן אָנווייזען אין 6-טען יאָרהונדערט אויף אַסך יודישע גרויסע ערד-אייגענטימער (פגל. קאַפּיטעל I, 3), איז נישטאָ פון יענער צייט אָן קיין שום ידיעה וועגען יודישע לאַנד-גיטער. ערשט אַרום דעם מיטען פון 10-טען יאָרהונדערט דערציילט אַ יודישע קוועלע וועגען יודישע פויערים אין דער געגענד פון רוים [272].

אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט האָבען זיך געמאַכט פאַר די יודען מער געלעגענהייטען (בעזונדערס אין פראַנקרייך און ענגלאַנד) צו פאַרשאַפען זיך ערד און לאַנד. איך מיין דערמיט די משכנות פון אומבעוועגליכע גיטער, וועלכע זענען דעמאָלט געבליבען ביי יודען אין די הענט נאָך די פאַרפאַלענע הלוואות. נאָר סיי-ווי האָבען זיי געוויינליך נישט געקאָנט אויף לאַנג ציהען די יניקה פון די נחלאות, איבער וועלכע זיי זענען געוואָרען בעל-הבתים, ווייל ס'רוב זענען זיי נאָך אַ בעשטימטען טערמין געצוואונגען געווען צו פאַרקויפען ווייטער די דאָזיגע שטיקער ערד. אין געוויסע פאַלען האָבען זיי אָבער אין ע נ ג ל אַ נ ד יאָ בעקומען די מעגליכקייט צו האָבען שטיקער ערד אַלס ירושה-גיטער, נאָר פאַרשטייט זיך פאַר'ן פרייז פון הויכע אָפּגאָבען פאַר'ן קעניגס וועגען. צי האָט זיך אין די דאָזיגע אַלע פאַלען געהאַנדעלט וועגען פאַרפאַלענע משכנות פון אומבעוועגליכע גיטער אָדער וועגען געקויפטע נחלאות—קאָן מען פון די קוועלען נישט דערגיין. די קעניגליכע דאָקומענטען דערציילען פילפאַך וועגען געלט-אָפּגאָבען פון יודען, וועלכע קויפען אָפּ ביים קעניג זייערע פּרעטענזיעס אויף די נחלאות, וואָס האָבען געהערט צו זייערע עלטערען—

ביים קעניג קויפען זיי עס אָפּ דערפאַר, וואָס ער איז דער נאָהענטסטער יורש פון אַ פערשטאָרבענעם יוד 273). ערשט הייבריך III. האָט אין 1271 פאַרווערט יודען צו זיין אויף להבאָ אייגענטימער פון אַ נחלה 274).

אין פראַנקרייך האָט אַ גרויסער טייל יודישע גיטער אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט זיך געגומען פון וואַכער־געשעפטען. אָבער פונדעסטוועגען האָבען מיר דאָקומענטען, אַז אַ טייל פראַנצויזישע יודען, דערהויפּט די יודען אין בורגונדיען, האָבען זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט 275). אַזוי ווי די יודען זענען, ווי בעוואוסט, אויסגעשלאָסען געווען פונ'ם פעאָדאַלען רעכט גלייך ווי פון אַלע געגאָסענשאַפטליכע פאַרבאַנדען, חידושט אונז נאָך מער די ידיעה פון בנימין מטודילה, אַז דער פאָרשטייער פון דער יודישער קהילה אין נארבאָן, רבי קלונימוס (12-טער יאָרהונדערט), „האָט געהאַט פונ'ם לאַנדפירשט לויט'ן פעאָדאַלען רעכט גיטער, וועלכע קיינער האָט נישט געטאָרט ביי איהם אַוועקנעמען" 276). אַלענפאַלס ווייס מען נישט לגמרי וועגען נאָך אַזאַ פאַקט, וואָס אַ יוד זאָל האָבען פאַרנומען אַ לעהן־גוט. *) 277).

אין דער צייט ווען אין מערב־דייטשלאַנד פאַרשווינדען כסדר אין 12-טען יאָרהונדערט די פרייע דאָרפישע ערד־אייגענטימער צווישען די יודען, געפינט מען זיי אין מזרח־דייטשלאַנד נאָך ביז'ן סוף פון 12-טען יאָרהונדערט. אַזוי איז אַ יוד מיט'ן נאָמען יוסף געווען דער בעל־הבית איבער אַ טייל פונ'ם דאָרף סאָקאָלניקי, ביי ברעסלוי; אין יאָר 1203 האָט דער הערצאָג הייגריך I. אַוועקגעשענקט די דאָזיגע יודישע נחלה צו אַ קלויסטער 278). אין 1203 האָט דער גראַף פעטער וולאַסט געקויפט דאָס דאָרף קליין־טיניעץ, וועלכעס האָט געהערט צו יודען 279). אין 1204 האָט דער הערצאָג הייגריך I. פון שלעזיען אַוועקגעשענקט דעם ווינצענטי־קלויסטער אין ברעסלוי דאָס גוט זאַכאָלניקי, וועלכעס האָט געהערט צו די יודען יוסף און חאַצקעל 280).

אויך אין עסטרייך האָבען יודען אין 12-טען יאָרהונדערט געהאַט פולע רעכט צו פאַרמאָגען אומבעוועגליכע גיטער. דער יוד שלום, וועלכען מיר קענען שוין אַלס מינץ־מייסטער פונ'ם הערצאָג לעאָפּאָלד I., האָט געפירט אַ פּראָצעס געגען דעם קלויסטער פאָרמבאַך ביי ווינער־נייש־טאַט צוליב אַ וויינגאָרטען, וואָס אַ ווינער בירגער האָט אָבגעשריבען דעם קלויסטער אַנ'ערך אין יאָר

*) אַ בעזיץ לויט'ן פעאָדאַלען סיסטעם.

1190. דער ווייגנאָרטען איז צוגעזאָגט געוואָרען דעם קלויסטער, הגם שלום „האָט געגעבען אַסך מתנות און נאָך מער צוגעזאָגט, הגם ער האָט זיך פיל פּראָצעסירט, ער האָט געוואָלט דעם ווייגנאָרטען, נאָר ס'איז אים נישט געראָטען", צוליב דעם מאָטיוו, וואָס דעם הערצאָגס צדקות האָט געשטערט דעם יוד אָבצוקריגען דעם ווייגנאָרטען צוריק. ענדליך האָט מען זיך פערגלייכט, שלום האָט בעקומען די הכנסה פון אַ יאָר און 20 פונט 281). פונ'ם דאָזיגען פּראָצעס ווייזט זיך אַרויס, אַז די יודען אין עסטרייך זענען פּרינציפּיעל נישט אויסגעשלאָסען געווען פונ'ם ערד-אייגענטום.

אין פּוילען, וואו די יודען זענען אין אַסך הינזיכטען געווען גלייכגעשטעלט מיט דער נידריגער שליאַכטע, טרעפט מען אָפּטעדס 282) אין 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט יודישע ערד-אייגענטימער (דוד, שאול, שמשון, אברהם).

אין אונגאַרן איז די יודען לויט אַ געזעץ פון יאָר 1100 ערלויבט געווען, צו פערשאַפען זיך נחלאות און לאָזען אַרבייטען אויף זייערע פעלדער שקלאַפען געצענדינער 282). זיי האָבען אָבער געמעגט וואוינען בלויז אין שטעט, אין וועלכע עס איז געזעסען אַ ביסקופּ.

וואָס אָנבעלאַנגט די שטעט, האָבען מיר גאָר וועניג דאָ-קומענטען ביז'ן 13-טען יאָרהונדערט און פון זיי קאָן מען קריגען אַ גאַנץ קנאַפּע השגה וועגען די אייגענטום-בעציהונגען פון די יודען.

די יודען, וואָס האָבען איינגעוואַנדערט אין אַ ניי-געגרינדעטע שטאָט, האָבען אין דער צייט ווען זיי זענען נאָך געווען דער עיקר סוחרים, בעקומען פונ'ם שטאָט-שררה שטאָטיש ערד און פּלאַץ אויף וואוין-הייזער, פערקויפס-בודעס און דעסגלייכען, אַזוי ווי עס איז געווען דער שטייגער אין מיטעלאַלטער — געגעבען אויף אַ צייט אָדער בירושה. דער אייגענטימער פון די שטיקער ערד איז געווען דער שטאָט-שררה; די יודען, וואָס האָבען עס געקריגען, זענען געווען בעלהבתים בלויז פון שררה'ס האַנד. שפּעטער אַהין זענען די יודישע נחלאות פון די שטעט, איבער וועלכע זיי זענען געווען בעלי-בתים מיט'ן שררה'ס כח, געוואָרען אַ געטיילט איי-אייגענטום: דער שררה און דער יוד האָבען געהאַט גלייכע זכיות בנוגע דעם פּלאַץ, אויף וועלכען דער יוד איז געזעסען. צום סוף איז די שטאָטישע נחלה געבליבען אַלס אייגענטום אין די הענד פונ'ם יוד, וועלכער איז געזעסען דערויף, אין דער צייט וואָס

דער שטאָט-שררה האָט בלויז בעקומען אַ צינז, אָבער פונ'ם צינז האָט מען געקאָנט דערנאָך פטור ווערען. וועגען יודיש ערד-אייגענטום אין די שטעט אין 12-טען יאָרהונדערט האָבען מיר ביזאַהער פערעפענטליכטע דאָקומענטען בלויז פאַר צוויי דייטשע שטעט, פאַר קעלן [284] און ווירצבורג [285]. אויפ'ן גרונד פון די דאָזיגע דאָקומענטען לאָזט זיך פעסטשטעלען, אַז ביז'ן מיטען פון 12-טען יאָרהונדערט האָבען די יודען געהאַט גלייכע זכיות מיט די קריסטליכע בירגער בנוגע זייערע נחלאות אין די שטעט. ווייזט אויס, אַז די יודען, וועלכע זענען געזעסען אין הייזער און אויף פלעצער, האָבען ביז צו יענער צייט געהאַט דאָס פולע בירגער-רעכט. צווישען די „ציוויס" (בירגער) ווערען אין עטליכער קעלנער דאָקומענטען [286] דערמאָנט „טידעריך יודעאוס", „עקעבערט יודעאוס עט פּאָרדאָלפוס פיליוס עיוס". נאָר פון די עהרען-אַמטען אין דער שטאָט זענען אַפּנים די יודישע בירגער אַלס יודען אויסגעשלאָסען געווען, דען ווען דער דערמאָנטער עקעבערט טרעט אַרויס אין איין דאָקומענט אַלס „מאַגיסטער ציוויום" (בירגער-מייסטער) פעלט נישט אגב די פילזאָגענדיגע בעמערקונג „קווי יודעאוס פויט" (אַ מי שהיה'דיגער יוד). דער שמד איז בכן געווען יענס צויבער-מיטעל, וועלכעס האָט פערשאַפט דעם יוד דאָס עהרען-אַמט.

נאָר דער פאַקט, וואָס אין דער צייט צווישען די יאָרען 1145—1159 האָבען זיך אין קעלן אַ מאַסע יודען ערד-אייגענטימער אויסגעשמדט, דאַן דער אומשטאַנד, וואָס פאַר'ן יאָר 1146-47 איז אין די קעלנער דאָקומענטען צוויי מאָל נאָטירט געוואָרען אַ קנייה פון אַ נחלה דורך אַ יוד, דערגעגען נאָך דעם דאָזיגען יאָר זענען פאַרשריבען בלויז פאַרקויפס-געשעפטען און ווייטער דערנאָך טרעפט מען שוין בכלל נישט מער קיין נעמען פון יודען, ענדליך אַ בעמערקונג ביי אַ פאַרשרייבונג אינ'ם אַרכיוו פון לאַורענטיוס-קלויסטער וועגען אַ הויז וואָס איז געלעגען אויסער דעם יודען-קוואַרטאַל און איז אַריבערגעגאַנגען אין יודישע הענט, אַז: „קיין שום יוד טאָר אינ'ם הויז נישט וואוינען" [287]—דאָס אַלץ דערווייזט בענוי, אַז מיט'ן אומבעגרענעצטען רעכט פון די קעלנער יודען צו פאַרשאַפען זיך פאָסעסיעס איז אין דער צווייטער העלפט פון 12-טען יאָרהונדערט געווען אויס. נאָך דייטליכער זעהט מען די דאָזיגע ענטוויקלונג אין ווירצבורג. אין דער צייט ווען אין אַ דאָקומענט פון יאָר 1119 [288] ווייזען זיך די יודען אַלס גלייכבערעכטיגט מיט דעם איבעריגען בירגערטום אין רעכטליכער הינזיכט, לאָזט זיך מערקען נאָך דעם יאָר 1146, אַז די יודען זענען געשטעלט בידע-

ריגער ווי די קריסטליכע בעפֿעלקערונג. ביז׳ן מיטען פֿון 12-טען יאָרהונדערט הערשט אין די דאָקומענטען וועגען קויף-געשעפֿטען פֿון אונבעוועגליכע גיטער דער פּרינציפּ פֿון געגענזייטיגקייט. אָבער אין עטליכע דאָקומענטען פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון 12-טען יאָרהונדערט ווייזט זיך אַרויס די מערקווירדיגע ערשיינונג אַז די ווירצבורגער יודען שרייבען-אָב זייערע אונבעוועגליכע גיטער אויף אַ קירך און בעקומען עס דערנאָך פֿון דער קירך צוריק פֿאַר צינזען. אַלס מאָטיווירונג פֿון דער דאָזיגער האַנדלונג ווערט אָנגעגעבען: „האָפֿענדיג אויף שוץ און טובות... האָט דער יוד איבערגעגעבען זיין בעזיץ דעם קלויסטער פֿון הייליגען קיליאַן” [289] אָדער „כּדי עס זאָל אים נישט קאָנען טרעפֿען דער האַס פֿון שונא” [290]. אַלזאָ, כּדי זיי זאָלען נישט דאַרפֿען מורא האָבען פֿאַר בייזוויליגע מענשען, האָבען די יודען געזוכט דעם שוץ פֿון דער קירך. דערביי האָבען זיי געמוזט שטיצען דורך צינזען די קריסטליכע אמונה, די דאָזיגע שיקאַנען, אויך די בעגרענצונגען אין בויען, וואָס זענען אין דער צייט איינגעפֿירט געוואָרען בנוגע די יודישע הייזער אין ווירצבורג [291], ווייזען דייטליך, אַז די ווירטשאַפֿטליכע און סאָציאַלע רעכט פֿון די יודען זענען געקירצט.

ווען מיר וועלען אַצינד פֿאָרשען די סיבות דערפֿון, וואָס די יודען זענען אַרויסגעשטויסען געוואָרען פֿון זייער פֿריהערדיגער סאָציאַל און רעכטליך גינסטיגער פּאָזיציע, וועט אונז דאַכט זיך צווישען אַנדערעס ערקלערען דעם גאַנג פֿון דער דאָזיגער אַנטוויקלונג אַ קליינע נאָטיץ, וועלכע האָט אַ שייכות צום צושטאַנד אין דער שטאָט פּאַריז, אַרום דעם סוף פֿון 12-טען יאָר-הונדערט. די דאָזיגע נאָטיץ קלינגט אַזוי: פֿיליפּ אויגוסט האָט איבערגעגעבען צו די וועבער פֿון פּאַריז די 24 הייזער פֿון די יודען; זיי האָבען אים געמוזט דערפֿאַר צאָלען אַ יערליכען צינז פֿון 100 מאַרק [292]. דער דאָזיגער פֿאַקט איז — ווי שטרידער בעמערקט מיט רעכט — סימבאָליש פֿאַר אַ לאַנגע אַנטוויקלונגס-קייט. דער זעלבשטענדיגער האַנדעל און וואַנדעל פֿון די היימישע ווערט געבויט אויף די חורבות פֿונ׳ם גליק פֿון די פֿרעמדע. דער וואָס איז הונדערטער יאָרען לאַנג געווען דער אַפּוטראָפּוס אין האַנדעל איז איבעריג געוואָרען, ער מוז מאַכען פּלאַץ פֿאַר׳ן נייעם בירגערליכען אינדוסטריעלען און הענדלער [293].

די דאָזיגע פֿאַקטען האָבען עט זיכער גורם געווען אויך דאָס, וואָס אין די שטעט אין צפֿון-און מיטעל-איטאַליען, וועלכע האָבען געטריבען אַ האַנדעל גאָר אויכ׳ן ברייטען שטייגער, איז די

יודישע בעפעלקערונג אין 12-טען יאָרהונדערט זייער קליין גע־ווען. אַזוי גיט אויף בנימין מטודילה, אַז אין גענוא האָבען גע־וואוינט בלויז צוויי יודישע פאַמיליעס; פיזאַ, לוקאַ, מאַנטוא, האָ־בען געהאַט בלויז קליינע יודישע קהילות 294). בלויז אין ווענעציא האָט לויט אַ ליסטע פון יאָר 1152 עקזיסטירט אַ יודישע קאָלאָניע פון 1300 נפשות 295).

## VI. די גרייס פון'ם יודישען געלד־פאַרמעגען אין 12-טען יאָרהונדערט.

אַ געוויסען בעגריף וועגען דער גרייס פון די יודישע מזומנע פאַרמעגענס אין 12-טען יאָרהונדערט, וואָס זייער שאַפען־זיך האָבען מיר פריהער בעטראַכט, גיבען אונז די צעוואָרפענע ידיעות וועגען דער הייך פון די געלד־אויספרעסונגען, וואָס די יודען האָ־בען געהאַט אויסצושטיין מצד זייערע „שוץ־הערר׳ען״. ווי אָפט דער יודישער שוואָם איז אָנגעקוואָלען, האָבען די מלכים און שררות שטענדיג געפונען אַ שעת־הכושר אים אויסצודריקען. אַ בילדליכע שילדערונג פון דער דאָזיגער „מלאכה״ גיט אַזוי גיפטיג־צוגעטראָ־פען גפרערער 296): דורך זיין יודען־וואָיט האָט דער מאַכט־האָבער צונויפגערופען די רייכסטע יודען און אָנגעהויבען: דו משולם, דו מאיר, דו ברוך... א. אַז. וו. און איר אַנדערע הינדס־זין, ווי מען רופט אייך דאָרטען, האָט איר נישט אויסגעזאָגט געלט ווי פיאַווקעס? איצט קומט אַ שמשון הגבור אויף אייך. תיכף ומיד צאָלט איר אַזויפיל און אַזויפיל טויזענט בלאַנקע ביזאַנטי־נער, אָדער איר גייט אויף די טאָרטורעס, די הויט פון׳ם לייב געשונדען!״ —

און זיי האָבען געצאָלט און געצאָלט און דער שררה האָט געהאַלטען אין איין שרייען: „גיב! גיב!״.

דער געלד־גייציגער „שמשון״ האָט אין ענגלאַנד און פראַנק־רייך נאָך אין אָנהויב פון 12-טען יאָרהונדערט ערפונדען די ראָליע פון אַ פראָוואָקאַטאָר ביים ראַבירען יודען, — וואָס איז שפּעטער אַריין אין דער מאָדע אויך ווייטער צו מזרח־צו אין אייראָפּא. עס איז אַ פאַקט, אַז די יודען אין ענגלאַנד און פראַנקרייך אין 12-טען יאָרהונדערט זענען בלויז דעמאָלט בעשולדיגט געוואָרען אין עלילת־דם, ווען דער יודישער „שוץ־הערר״ האָט געדאַרפט האָבען געלד.

עס איז נשתּומם צו ווערען, ווענען וואָס פאַר א גרויסע סומען עס האָט זיך געהאַנדעלט בעת די ראַבּירונגען פון די יודען אין 12-טען יאָרהונדערט. דאָ האָבען מיר עטליכע ציפערען:

## ענגלאַנד:

1140 האָט דער קעניג סטעפאַן אַ שלעפּ געטון פון די לאָנדאָנער יודען אַ געלד-שטראָף פון 2000 פונט[297];

דערזעלבער קעניג האָט ביי אַן אַנדער געלעגענהייט אַרויסגעפּרעסט פון זיינע יודען 300 „Exchange of money“[298].

1168 האָט היינריך I. אַרויסגעטריבען די רייכערע יודען פון ענגלאַנד. זיי זענען געבליבען אַזוילאַנג אין דערפרעמד, ביז די יודען האָבען בעצאָלט 5000 מאַרק[299].

1187 האָט היינריך II. צוגענומען אַ פערט-חלק פון די יודישע פאַרמעגענס דורך אַן אָבגאָב (טאַלאַגיום), וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי אָן שום דין ומשפט[300].

1187 האָט היינריך II. קאָנפיסקירט דאָס ריזיגע פאַרמעגען פון אהרן פון לינקאָלן. אהרנ׳ס אוצרות האָט דער קעניג איינמאָל געפירט מיט זיך אויף אַ רייזע קיין נאָרמאַנדיען. דערביי זענען אונטערגעגאַנגען עטליכע שיפען, אויף וועלכע עס איז געלאָדען געווען אַ טייל פון אהרנ׳ס אוצרות[301].

1188 האָבען די יודען געצאָלט דעם קעניג היינריך II. אַ קרייצצוג-שטייער פון 60,000 פונט[302].

1194 האָט ריכארד לייבענהאַרץ גענומען ביי די יודען אַ טאַלאַגיום פון 3000 מאַרק[303].

1200 האָט יאָהאַן דער אָן-לאַנד׳יגער זיך געהייסען בעצאָלען פון די יודען 4000 מאַרק[304].

## געלד-שטראָפען און „מתּנות“ פון איינצעלנע יודען פאַר׳ן קעניג.

1185 האָט אַ יוד פון נאָרוויטש*) אָפּגעצאָלט דעם קעניג 2000 מאַרק[305]. באַלד דערויף איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ נייע „צרה“, פון וועלכער ער איז פריי געוואָרען פאַר 6000 מאַרק[305].

1185 האָט דער יוד ברונוס געצאָלט אַ שטראָף פון 2000 מאַרק.

*) Iurnet Iudaeus de Norvico

1189 האָט ברונוס געהאַט אויף זיך אַ נייע שטראָף פון 2000 מאַרק[806].

1185 האָט דער יוד ברוך (בענעדיקטוס) געצאָלט אַ געלט-שטראָף פון 500 פונט.

דער יוד דזשאָרנעט פון נאָרוויטש האָט געצאָלט פאַר דער ערלויבניש צו מעגען וואוינען אין ענגלאַנד 1800 מאַרק[807].

די שווערע אָבגאָבען פון די יודען האָבען אויסגעמאַכט — דורכשניטליך פאַר יעדעס יאָר — אַ דרייצעהנט-חלק פונ'ם ענגלישען קעניגס איינקונפטען[808]. וואָס פאַר אַ ריזיגע סומען עס האָט בטראָפען דער דאָזיגער דרייצענטער טייל ווערט פאַר אונז קלאָר, ווען מיר גיבען אַ קלער וועגען דער סומע פון 120,000 פונט שטערלינג, אויף וועלכער שטובס שאַצט די דורכשניטליכע הכנסות פונ'ם קעניגליכען ביודזשעט אין ענגלאַנד אין דער צייט פון דער פלאַנטאַגענעט-דינאַסטיע[809]. אַגב דאַרף דאָ בעמערקט זיין, אַז די אַלגעמיינע צאָל יודען אין ענגלאַנד איז פערהעלטניסמעסיג קליין געווען (אין יאָר 1290, דעם יאָר פונ'ם גירוש אויף די יודען אין ענגלאַנד, האָט זי בעטראָפען נישט מער פון 15-16,000)[810] דערפון ווערען מיר נאָך מער נשתומם איבער דער הייך פון די סומען, וואָס מען האָט פון זיי אַרויסגעפרעסט[811]; און פון דער אַנדער זייט קאָן מען זיך דערפון שאַפען אַ השגה וועגען דעם קאַפּיטאַליסטישעןווירטשאַפטס-שטייגער פון די יודען, וואָס נאָר ער האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו פאַרשאַפען זיך אַזוי שנעל צוריק דאָס פאַרמעגען, וועלכעס איז ביי זיי אַזוי אָפט אַוועקגעשלעפט געוואָרען.

פאַר פ ר אַ נ ק ר יי ך האָבען מיר נישט אַזעלכע גענויע ציפער איבער די אָפגאָבען פון יודען, ווי מיר קריגען זיי פון די ענגלישע דאָקומענטען. פאַר'ן 12-טען יאָרהונדערט ווייסען מיר אין פראַנקרייך פון אַזעלכע געלד-אויספרעסונגען:

1171 האָבען די יודען פון בלואַ (אומגעפער 40 נפשות) פאָרגעלעגט אַלס אויסקויף-געלד פון אַ בלוט-בלבול 100 פונט אין מזומנים און 180 פונט האָבען זיי גענומען אויף זיך חובות.

1171 ראַטעוועט-אָפּ דער יוד בן-דויד דורך אויסקויף-געלד פון 1000 פונט פונ'ם גירוש, וואָס מען האָט געפּלאַנט אויף די יודען אין דעם גראַפטום שאַרטרע[312].

1182 האָט פיליפּ אויגוסט אַרויסגעטריבען די יודען פון זיין לאַנד און קאָנפיסקירט זייערע אַלע אומבעוועגליכע גיטער[313]. די באַראָנען האָבען געהאַט תביעות אויף די יודישע גיטער, וואָס דער

קעניג האָט קאָנפֿיסקירט אין זייער גבול. האָט דער קעניג אָפּגע-מאַכט מיט זיי. אַזוי האָט דער גראַף פֿון נאַרבאָן בעקומען אויף זיין טייל 5000 לר. און אַ סאַך שטיקער ערד[314].

1198 האָט דער קעניג אַריינגעלאָזט די יודען צוריק, נאָר פֿאַר דאָס דאָזיגע „beneficium restitutionis in integrum“ (ווי דער „חסד“ פֿונ'ם מלך ווערט כאַראַקטעריסטיש אָנגערופֿען) האָבען די יודען געמוזט אָפּצאָלען דער קעניגליכער שאַץ-קאַמער 150,000 מאַרק זילבער[315].

אין דייטשלאַנד, וואו די צענטראַלע מאַכט איז אַסאַך שוואַכער געווען, איידער צ. ב. אין ענגלאַנד, האָבען די אַדעללייט, די הויכע גלחים און אויך די שטעט געצויגען פֿון די יודען יענע יניקות, וואָס אין ענגלאַנד האָט זיי דער קעניג אַליין געהאַט. פֿון די אָפּגאָבען און געלד-אויספּרעסונגען, וואָס די יודען אין דייטש-לאַנד האָבען געהאַט אויסצושטיין, וועגען וועלכע עס ווערט ביי געלעגענהייט דערמאָנט אין די קוועלען פֿון 11-טען און 12-טען יאָרהונדערט, קאָן מען אויסרעכענען אָטאָ די:

פֿאַר זייערע פּריווילעגיעס האָבען די יודען אין שפּייער גע-צאָלט דעם ביסקופּ יעהרליך 3 אַ האַלב פֿונט גאָלד[316].

צום סוף פֿון 11-טען יאָרהונדערט, אינ'ם שחיטה-יאָר 1096, האָבען די קעלנער און מאַינצער יודען געשענקט דעם פֿירער פֿונ'ם קרייץ-צוג, גאָטפֿריד פֿון בוליאָן, 1000 זילבערשטיק פֿאַר'ן צוזאָג פֿון שוץ[317].

די יודען אין קעלן האָבען געגעבען די קרייץ-פֿאָרער אַ בע-דייטענדען שטייער (פֿיר מאָל האָבען זיי געגעבען אַ דינאַר פֿון פֿונט[318]), אָבער די דאָזיגע סומע איז נישט גענוג געווען אויף אי-בערצוקויפֿען זיי, ביז זיי האָבען אָפּגעגעבען זייער גאַנץ פֿאַרמעגען.

וועגען דעם גרויסען רויב בעת דעם קרייץ-צוג אין 1146 דערציילען די קוועלען בלויז אין אַלגעמיינע אויסדריקען.

1171 זענען צוויי יודען אין קעלן אויסגעלייזט געוואָרען פֿון אַ שטראָף, וואָס איז זיי פֿאָרגעשטאַנען, פֿאַר 105 זילבערשטיק[319].

1179 איז אַ כלומרשטער פֿערברעך פֿון אייניגע יודען אויס-גענוצט געוואָרען פֿאַר אַ ריזיגער אויספּרעסונג פֿון געלד. קייזער פֿרידריך האָט בעקומען פֿון די יודישע קהילות 500 זילבערשטיק. דער אַרציביסקופּ פֿון קעלן האָט בעקומען פֿון די יודען, וואָס האָבען זיך געפֿונען אונטער זיין ממשלה, 4200 זילבערשטיק[320]. די לעצטע סומע ווייזט זיך אַרויס נאָך מער בעדייטענד, ווען מען בערעכענט זיך, אַז די קעלנער יודען גופא האָבען נאָך מך-

הסתם דעמאָלט צום ביסקופּ נישט געהערט. אַלס בעווייז פֿאַר דער עשירות פֿון געוויסע קעלנער יודען אין 12-טען יאָרהונדערט קאָן דינען אַ נאָטיץ פֿונ'ם 1-טען צענדליג פֿון 13-טען יאָרהונדערט, וועלכע דערציילט, אַז דער קעלנער אַרציביסקופּ דיטריך האָט אויפֿגעבויט כמעט אַלע בנינים אין דער פֿעסטונג גאָדעסבערג פֿונ'ם געלד, וואָס ער האָט אויסגעפּרעסט ביי אַ געפֿאַנגענעם יוד[821].

אין בעהמען האָט דער הערצאָג וולאַדיסלאַוו I. אַנ'ערך אין 1124 אויסגעפּרעסט ביי די יודען ממש אונגלויבליכע סומען, דורכדעם וואָס ער האָט איינגעזעצט אין תּפיסה איינעם פֿון די גרעסטע חשובים ביי די דאָרטיגע יודען מיט'ן נאָמען יעקב. כּדי צו ראַטעווען דאָס לעבען פֿונ'ם דאָזיגען יעקב האָבען די בעהמישע יודען בעצאָלט דעם הערצאָג 3000 פֿונט זילבער און 100 פֿונט גאָלד[822]. בעזונדערס איז נשתּומם צו ווערען פֿונ'ם דאָזיגען געוואַלטיגען פּדיון-שבויים, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז מיט 26 יאָר פֿאַר דער דאָזיגער אויספּרעסונג (1098) זענען די יודען פֿון בעהמען צעראַבירט געוואָרען בוכשטעבליך מכּף רגל ועד ראש (a vertice usque ad talos[823]).

* * *

נאָכדעם ווי מיר האָבען בעטראַכט די ווירטשאַפֿטליכע בעציהונגען פֿון די יודען אין די ערשטע צייטען פֿון מיטעלאַלטער וועלען מיר זיך צולעצט ערלויבען נאָך עטליכע בעמערקונגען איבער די סוביעקטען גופא פֿון דער יודישער ווירטשאַפֿט, די יודען אַליין.

ווי לאָזט זיך עס ערקלערען, וואָס די מערב-יודען האָבען אין דער ערשטער העלפֿט פֿונ'ם מיטעלאַלטער געבילדעט אַ קרעפֿטיגען האַנדעלס-שטאַנד און האָבען זיך אַלס ווירטשאַפֿטס-גרופּע שאַרף אונטערגעשיידט פֿון זייער סביבה?

יענע ראַסען-טעאָרעטיקער, פֿאַר וועלכע די ראַסע שטעהט נישט ביים סוף נאָר ביים אָנהויב פֿון דער ענטוויקלונג, קומט-אָן גאַנץ לייכט צו געבען דערויף אַנ'ענטפֿער: זיי איז גענוג אָנצוווייזען אויף די אייגענשאַפֿטען פֿון דער יודישער ראַסע און תּיכּף געפֿינט מען אַנ'ערקלערונג פֿאַר דעם „ספּעציפֿיש יודישען האַנדעלס-גייסט" אינ'ם „עקשנות'דיגען ווילען פֿון די יודען, וועלכער לאָזט זיך דורך קיין שום זאַך נישט אָבווענדען פֿון זיין ציל" אין זייער „אייגען-נוציגקייט", אין דעם „אַבסטראַקטען אַרט דענקען"

בענוגענט מען זיך מיט אַן׳ענליכער מיינונג, קומט אונז אויס די יודישע מאַרטירעלאָגיע, וועלכע איז דאָך אין אַ מער אָדער ווייניגער שטאַרקער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער ווירטשאַפט־ליכער אָבגעזונדערטקייט פון די יודען — אַלס אַ מין אייגענטליכע שיקזאַלס־טראַגעדיע. אָבער אינ׳ם מאָמענט, ווען מען וואַרפט־אָב די דאָגמע פון דער ראַסען־טעאָריע וועגען בעשערטע, פון בראשית אָן אָנגעשריבענע זאַכען און מען איז מסכים, אַז די האַנדלונגען פון די מענשען הענגען מער אָב פון די בעציהונגען, אין וועלכע זיי געפינען זיך, איידער פון די מעלות אָדער חסרונות פון יעדען אייגצעלנעם — מוזען אויפ׳ן ערשטען פּלאַן געמומען ווערען אין אַכט יענע אויסערליכע ערשיינונגען, וועלכע האָבען געהאַט זייער ווירקונג אויפ׳ן יודישען גייסט. אויף דעם דאָזיגען וועג קאָן מען בעקומען אַ גענוגענדע ערקלערונג פאַר די שנעלע ענטוויקלונג פונ׳ם חוש־הפרנסה ביי יודען, און מען דאַרף גאָר נישט אָנקומען צום ראַסען־פּרינציפּ.

מיר וועלען דאָ בקיצור רעזיומירען אונזער מיינונג.

אין דער רוימישער אימפּעריע — ווי מיר האָבען עס דאַכט זיך בעוויזען אין אַן אַנדער אָרט — האָבען די יודען נישט גע־בילדעט קיין קלאַס, וואָס זאָל ווירטשאַפטליך זיין אַנדערש פון דער איבעריגער בעפעלקערונג. קיין בעזונדערע נייגונג פון יודען צו געלד־געשעפטען קאָנסטאַטירט מען אין ערגעץ נישט אינ׳ם אַל־טערטום. אויפ׳ן „ספּעציפיש־יודישען האַנדעלסגייסט" האָבען די יו־דען לגמרי נישט געהאַט קיין מאָנאָפּאָל. אין נאָך אַ מער שטאַר־קער מאָס האָט זיך דער דאָזיגער האַנדעלסגייסט אַנטוויקעלט אָן שום ספק אויך ביי די גריכען אין ביי די רוימער, וועלכע האָבען כלומרשט געהאַט טאַלענט בלויז פאַר דער מלחמה־קונסט. דער חורבן פון קאַרטאַגאָ און קאָרינט איז זיכער געווען בלויז אַ רע־זולטאַט פון דער קאָנקורענץ פון די רוימישע סוחרים.

אַפילו אויב די יודען זענען ערצויגען געוואָרען אין דער געלט־ווירטשאַפט, וועלכע האָט זיך אַנטוויקעלט אין די לעצטע יאָרהונדערטען פון דער עקזיסטענץ פון דער רוימישער אימפּעריע, קאָן פונדעסטוועגען שווערליך אָנגענומען ווערען, אַז די דאָזיגע ידיעה זייערע אין דעם ווירטשאַפטס־שטייגער פון דער אַל־טער וועלט זאָל זיין געווען דער וויכטיגסטער עלעמענט, וואָס האָט לכתחילה בעשטימט די יודען פאַר דער פונקציע פון אַ העכערען ווירטשאַפטס־טיפּ אין דער פרימיטיווער נאַטוראַל־ווירטשאַפט פון די ערשטע צייטען פון מיטעלאַלטער. פאַרקערט, די ווירטשאַפטליכע

טעטיגקייט פֿון די יודען אין די ערשטע צייטען פֿון מיטעלאַלטער לאָזט זיך נישט פֿאַרשטיין אַלס אַזעלכע, וואָס איז ממשות׳דיג אָנ-דערש פֿון דער בעשעפֿטיגונג פֿון דער איבריגער בעפֿעלקערונג. לויט אַלע סימנים האָבען די יודען אין מערב פֿאַרשפּרייט אין דער נייער תקופֿה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען, די אויפֿטועכצען פֿון דער רוימישער קולטור ענדער אינ׳ם פּרט פֿון לאַנדווירטשאַפֿט ווי אינ׳ם האַנדעל, בפֿרט אַז נאָך דער פֿעלקער-וואַנדערונג איז דער האַנדעל אויף אַ לאַנגע צייט פֿאַראַליזירט געווען.

מיר וועלען זיכער נישט זיין ווייט פֿונ׳ם אמת, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז די אָנגעזעהענע יודישע ערד-אייגענטי-מער אין דרום-שפּאַניען, וואָס זייער איינפֿלוס אויף דער בעפֿעל-קערונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז יענע פֿלעגען קומען צו זיי בע-טען אַ ברכה פֿאַר די פֿרוכטען פֿון זייערע פֿעלדער (פֿגל. גרעץ 3 V, 57), אָדער די יודישע גרויסע ערד-אייגענטימער, וועלכע מיר געפֿינען אין 6-טען יאָרהונדערט אין לאָמבאַרדיען, וואָס האָבען געהאט אַרבייטען אויף זייערע פֿעלדער אַסך שקלאַפֿען און קריסט-ליכע פּאַנשציזניקעס, האָבען געהאַט אַ שטאַרקען חלק אין דער פֿאַרייניגונג פֿון יענע צווייערליי בעזונדערע עלעמענטען. דאָס זענען געווען די פּרימיטיווע ווירטשאַפֿטליכע קולטור פֿון די קעלטען און גערמאַנער פֿון איין זייט, און די טראַדיציע פֿון דער הויכער ווירטשאַפֿטליכער קולטור פֿון דער גוסס׳ער רוימישער אימ-פּעריע פֿון דער אַנדער זייט. פֿאַראַלעל מיט די וועלטליכע און גייסטליכע שררות האָבען אויך די כלל נישט אַזוי זעלטענע יודישע גרויסע ערד-אייגענטימער געמוזט מיטווירקען אין דער ערשטער צייט ביי דער שאַפֿונג פֿון דער פֿראַנצויזישער ווירט-שאַפֿט, וועלכע איז געווען אַ טיילווייז פֿאַרענדערטע פֿאָרם פֿון דער רוימישער אָיקען-ווירטשאַפֿט.

צוליב דעם אַסימילירונג-פּראָצעס צווישען די קריסטליכע רוימער מיט די קריסטליך-געוואָרענע גערמאַנער זענען די יודען אַראָפּגעדריקט געוואָרען פֿון זייער פֿריהערדיגער לאַגע אַלס רוי-מישע בירגער (ציוועס ראָמאַני) אין די לאַגע פֿון אַ פֿרעמדער אומה און אָפּגעריסען פֿון דער ערד זענען זיי געוואָרען אַ בעוועגליכער עלעמענט אין מיטען פֿון די פֿעסט-בעזעסענע, לאַנדווירטשאַפֿטליכע אומות. עס איז בכן געוויס אַ נאַטירליכער פּועל-יוצא פֿון די אומ-שטענדען דאָס, וואָס די יודען האָבען זיך אַ נעם געטאָן צו אַ פּרנסה, וועלכע איז נאָך מעגליך געווען אַחוץ דער לאַנדווירט-שאַפֿט, און דאָס איז אין אַ נאַטוראַל-ווירטשאַפֿט דער האַנדעל

מיט'ן עודף פון פראָדוקטען, מיט לוקסוס-אַרטיקלען, שקלאַפען א. אז. וו. אַן אנדער בעשעפטיגונג איז געווען פאַר זיי אויסגעשלאָסען, דען די שאַפונג פון אַ קלאַס בעל-מלאכות איז ביז'ן 12-טען יאָרהונדערט געווען ממש אוממעגליך. די געזעלשאַפט האָט נאָך נישט געהאַט דערגרייכט צו יענעם אַנטוויקלונגס-שטאַפעל, אויף וועלכען עס זאָל זיך שוין לוינען פאַר אַ בעדייטענדער צאָל מענשען אָפצוגעבען זיך אויסשליסליך מיט האַנטווערקעריי.

וואָס די יודען זענען פריהצייטיג געוואָרען די פּיאָנערען פונ'ם וועלט-האַנדעל און בעזונדערס פונ'ם האַנדעל מיט'ן מזרח, דערויף איז פאַראַן אַן אַנדער ערקלערונג, ווי די וואָס עס האָט דער אויבערפלעכליכער ראַסען-טעאָרעטיקער. און די דאָזיגע ערקלערונג קלערט טאַקע אויף די זאַך אַזוי, אַז מיר מעגען שוין לגמרי אין זינען נישט האָבען די סברה וועגען דעם „ספּעציפיש יודישען האַנדעלסגייסט”.

עס איז אַ סאָציאָלאָגישער פאַקט, אַז דער האַנדעל אַנטוויקעלט זיך לכתחילה אַלס אומאָפּהענגיגע בעשעפטיגונג ביי זאַכען, וואָס דינען פאַר'ן לוקסוס, נאָך איידער ס'איז פאַראַן אַ קלאַס פון הענדלער מיט רוי-פּראָדוקטען פונ'ם לאַנד. אַזוי ווי פון איין זייט איז אין די גערמאַנישע מדינות ביי די פאַרמעגליכע קלאַסען, דעם אַדעל און די גייסטליכע שררות געווען דאָס בעדערפניש אין לוקסוס-אַרטיקלען, אָבער די דאָזיגע אַרטיקלען האָבען אין די גערמאַנישע לענדער גופא נישט געקאָנט בעשאַפען ווערען, האָבען די יודישע הענדלער געמוזט אויפזוכען אַזעלכע געגענדען, וועלכע האָבען אַריבערגעשטיגען די גערמאַנישע לענדער מיט דער הייך פון זייער קונסט און מיט'ן רייכטום פון דער נאַטור ביי זיי. אַזוי זענען זיי געקומען אין אָריענט, ווייל בלויז דאָרט האָט מען געקאָנט געפינען די פאַרלאַנגטע סחורות.

ווייטער קומט דאָ אין בעטראַכט נאָך אַ וויכטיגער מאָמענט וועלכער האָט געגעבען די יודישע הענדלער די מעגליכקייט אויסצושפּרייטען די נעץ פון זייערע בעציהונגען איבער דער גאַנצער דעמאָלט בעוואוסטער וועלט. די יודישע הענדלער האָבען פאַרמאָגט אַ וויכטיגען טרומף, וואָס קיין שום מאַכט-האָבער האָט אים זיי נישט געגעבען און ער האָט אויך נישט געקאָנט געגעבען ווערען, וועלכער האָט זיך אָבער גענומען פון די פּאָקטישע צושטאַנדען. ווי אָפט דער יודישער סוחר האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, האָט ער מיט אַ רוהיג הארץ געקאָנט אויסרעכענען אויף די וויכטיגע

טובות, וואָס ער האָט געהאַט פון די יודישע קהילות, וועלכע האָבען זיך געצויגען ווי אַ כמעט נישט-איבערגעריסענקייט פון׳ם ווייטסטען מערב ביז׳ן ווייטען מזרח. אומעטום האָט ער זיך גע-קאָנט צונויפרעדען, ווייל די איינציגע וועלט-שפּראַך איז דעמאָלט געווען די העברעאישע. אומעטום האָבען אים יודען געגעבען ידיעות איבער האַנדעלס-פּלעצער און האַנדעלס-ענינים. וואוהין זיין האַנ-דעל האָט אים נאָר געפירט, אומעטום האָט ער געפונען ביי זיי-נע ברידער שוץ און הילף, אַן אויסקונפט און אַן עצה. דער דאָ-זיגער וויכטיגער אומשטאַנד, וועלכער האָט געשטעלט דעם יודישען סוחר אויפ׳ן ערשטען פּלאַן אַנטקעגען אַלע אַנדערע סוחרים, איז אַליין גענוג געווען אויף צו שאַפען אַ קרעפטיגען יודישען סוחרים-שטאַנד.

רייך געוואָרען דורך דעם האַנדעל, האָבען די יודען, נאָכדעם ווי זייער אַפּוטרופּסות איז דעם אויפבליענדיגען גויישען סוחרים-שטאַנד אין מערב-אייראָפּע איבערדריסיג געוואָרען, זיך צוריקגע-צויגען מיט זייערע בעוועגליכע קאַפּיטאַלען אינ׳ם געלט-האַנדעל. וועגען די מאָטיווען, וואָס האָבען מיטגעווירקט דערביי, איז שוין גערעדט אויף אַן אַנדער אָרט. דאָ האָט מען נאָך צוצוגעבען, אַז אין זייערע קרעדיט-געשעפטען האָט פאַר די יודען גלייכצייטיג מיט אַנדערע מאָמענטען געהאַט אַ מעלה זייער אינטערנאַציאָנאַלע פּאָזיציע, בפרט אַז דער געלד-האַנדעל נוטיגט זיך אין דער אינ-טערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג נאָך מער ווי דער סחורות-האַנדעל.

די יודען פון׳ם מיטעלאַלטער זענען געוואָרען אָנגעוויזען אויפ׳ן געלט-האַנדעל אויך צוליב דעם, וואָס אין דער צייט ווען דער מערב-אייראָפּעאישער האַנדעל האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויק-לען פון דער אינדוסטריע, האָבען זיי שוין מער נישט געהאַט דעם צוזאַמענהאַנג מיט האַנדווערקעריי. אַן אויסנאַם איז געווען ביים סוף פון 12-טען און אין משך פונ׳ם 13-טען יאָרהונדערט איטאַל-יען, וואו די יודען האָבען געוויסער-מאָסען געהאַט אין זייערע הענד די מלאכה פון פאַרבעריי.

די ספּעציעלע שטרעבונג פון די יודען נאָך געלד איז פיל-מאָל אויסגעטייטשט געוואָרען אַלס רעזולטאַט פון דער אַבסטראַקט-קייט פון זייער פסיכיק. מיר, וואָס מיר האָבען די מיינונג, אַז דאָס דענקען ווערט פאַראורזאַכט און בעאיינפלוסט דורך די אויסערלי-כע בעציהונגען, קאָנען זיך לחלוטין נישט בעגנוגענען מיט דער דאָזיגער ערקלערונג. נאָר מיר מוזען בעטראַכטען די בעציהונג פון

**די יודען צום געלט אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ היסטאָרישען פּראָצעס**

אַפילו ווען מען קוקט אַריין פון אויבען-אויף אין די יודישע גע-שיכטע לאָזט זיך זעהן, אַז דער אויסערליכער דרוק וועלכען די יודען האָבען געהאַט שטענדיג אויסצושטיין אַלס אַ פרעמדע אומה, איז געוועזן יענע מעכטיגע שפּרינג-פעדער, וועלכע האָט דעם גע-רודפטען יוד געמאַכט פאַר אַזאַ פאַרצווייפעלטען איינגעשפּאַרטען זוכער פונ׳ם „אבן-החכמים״. שוין פריצייטיג איז ער דערגאַנגען וואָס פאַר אַ צויבער-מיטעל דאָס געלד איז. דאָס האָט אים פאַר-שאַפט כבוד און חשיבות, דאָס איז געוועזן זיין איינציג קאָמפּאַס-מיטעל אין מיטען פון די רויבגיריגע אומות. דאָס איז געוועזן זיין גליק און זיין ישועה; בלויז דאָס געלד האָט געקאָנט מילדער מאַכען דאָס האַרץ פון זיין בעדריקער. „די קריסטען — זאָגט איינער פון די יודישע גדולי-התורה אין 11-טען יאָר-הונדערט, אַ פאַרביטערטער דורך די רדיפות און גזירות אויף יודען — זע-נען מענשען בעלי-עוולה און בלויז דורך געלד לאָזען זיי זיך אי-בעראַנדערשען״... די טרויריגע לעבענס-ערפאַרונג פון די יודען אינ׳ם מיטעלאַלטער!



# בעמערקונגען.

1) וו. זאמבארט, דער מאדערנער קאפיטאליזם, I ז. 270.

2) וו. זאמבארט, דער מאד. קאפיט. קאפיטעל IX.

3) הערצפעלד, האנדעלס-געשיכטע פון די יודען אין אלטערטום, ברוינשווייג 1879 ז. 165.

4) גרעץ, געשיכטע פון די יודען IV, 1, ז. 232.

5 און 6) דארטען IV, 1, ז. 277.

7) דארטען IV, 3, ז. 281.

8) דארטען IV, 3, ז. 315.

9) מדרש רבה צו 1, 6.—פגל. גרעץ VI, 3, 366.

10) גרעץ VI, 3, ז. 254.

11) פגל. דארטען ז. 323.

12) „ „ „ 334.

13) פרידלענדער, בילדער פון דער זיטען-געשיכטע אין רוים 1888/90, ז. 571.

14) קיסעלבאך, דער גאנג פונ'ם וועלט-האנדעל ז. 25.

15) שעפער-בויכארסט, צו דער געשיכטע פון די סירער אין מערב (מיטטיילונגען פונ'ם אינסטיטוט פאר עסטרייכישע געשיכטס-פארשונג, IV.

16) פגל. קיסעלבאך, גאנג פונ'ם וועלט-האנדעל.

17) פראנץ דעליטש, יודיש האנדווערקער לעבען אין נוצרי'ס צייט (ערלאנגען, 1879) ז. 25.

18) פסחים, קי"ג ע"א.

19) ל. גאלדשמידט, אוניווערסאל-געשיכטע פונ'ם האנדעלס-רעכט 1891, I, ז. 52.

20) פילון האלקסנדרוני אין פלאקוס § 8.

21) יוסיפון, געגען אפיון II, 5.

22) „ אנטיקוויטאטעס X, 4, 7.

23) „ „ XVIII, 6, 3.

24) דארטען XIX, 5, 1.

25) „ XX, 7, 3.

267) פגל. הערצפעלד, האנדעלסגעשיכטע פון די יודען אין אלטערטום, ז. 238.

2) פגל. גרעץ, געשיכטע פון די יודען IV, 3, קאפיטעל 6, ז. 107—119.

# II

28) דאַרטען IV, 3, ז. 358.

29) „ „ „ „ 362.

30) א תשובות הגאונים נומער ר״ף (שערי תשובה) צווישען 769—850 איז גוגע די ביהנען-צוכט ביי די גריכישע יודען.

קעניג ראָדזשער פון סיציליען האָט פון זיינער א קריגס-עקספעדיציע מיטגעבראַכט קיין סיציליען פון גריכענלאַנד יודישע זייד-וועבער, כדי איינצופירען דורך זיי די זייד-וועבעריי.

אין זיינע רייזע-בעשרייבונגען דערצעהלט בנימין מטודילה (אַרויסגעגעבען דורך גרינהוט און אדלער, ירושלים 1903): אין קריסא וואוינען 200 יודישע פאַמיליעס, וועלכע האָבען זייערע דירות צופוסענס פונ׳ם בארג פארנאס, זיי זייען און אקערן, ווייל זיי פאַרמאָגען אייגענע נחלאות (ז. 13). — אין טעבען וואוינען 2000 יודישע פאַמיליעס, וועלכע זענען די סאַמע געשיקטע זיידענס- און פורפור-פאַבריקאַנטען פון גאַנץ גריכענלאַנד (ז. 13). — די בעשעפטיגונג פון די יודען אין וויסענאַ בעשטייט אין זייד-וועבעריי (ז. 14). — צווישען די יודען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זענען פאַראַן זיידענס-פאַבריקאַנטען, אסך סוחרים און אסך גבירים (ז. 19).

31) פגל. הילמאַן, געשיכטע פונ׳ם ביזאַנטישען האַנדעל.

32) יובענאַל, סאַטיר III. 14, VI. 542.

33) מאַרציאַל, עפּיגראַמען XII, 57.

34) יובענאַל, סאַטיר III, 16.

35) הערצפעלד, האַנדעלסגעשיכטע פון די יודען אין אַלטערטום, 266.

36) פגל. ראָזענשטיין-ריגער, געשיכטע פון די יודען אין רוים, I, ז. 61.

37) דאָרטען ז. 62.

38) בערלינער, די יודען אין רוים, I, ז. 98.

39) היפּאָליט, פילאָזאָפ. IX, 12.

40) קאַראָ, די יודען און זייער ווירטשאַפטליכע טעטיגקייט אין מיטעלאַלטער (אָפּדרוק פון א רעפעראַט אין: מאָנאַטסבלעטער פאַר דער געשיכטע פונ׳ם יודענטום, אַרויסגעגעבען פון בראַן 1904, ז. 423).

41) פגל. רייגאַק, פאַנטעס רערום יודאַאיקאַרום I.

42) קיסעלבאַך, גאַנג פונ׳ם וועלטהאַנדעל, ז. 30.

43) קאָדעקס טעאָדאָזיאַנוס L. II. קאַפּ. 1, § 10.

44) אינאַמא-שטערנעק, דייטשער ווירטשאַפטס-געשיכטע 1, ז. 112.

45) די קוועלע אָנגעגעבען ביי קאַראָ אין זיין פריהער דערמאָנטען אַרטיקעל.

46) גרעץ, געשיכטע פון די יודען V, 3, ז. 54, פאָל. 2 און 3.

47) לעקע וויזיגאָטאָרום L. XII. קאַפּ. 3, § 6.

48) בוקע, די בעשיפטע פון די גאַליער IX, 521a.

49) די קוועלען אָנגעגעבען ביי קאַראָ.

50) גרעגאָריוס, אָפּפּ. IV. 21.

51) גרעגאָריוס, עפּיסטאָלע ז. 255.

52 פגל. גרעץ, די וועסטגאָטישע געזעצגעבונג בנוגע יודען — אינ'ם סעמינאַר-פּראָגראַם 1858 (ברעסלוי) ז. 71.

53) אין דער פרענקישער מלוכה, ווייזט אויס, האָט דער פרינציפּ פונ'ם פרעמדען-רעכט בנוגע יודען געווירקט שוין אין דער 2-טער העלפט פונ'ם 6-טען יאָרהונדערט. די גירושים פון יודען אין דער צייט פון כילפעריק 582 און דאגאָבערט 629 קאָנען ערקלערט ווערען בלויז דורך דער ווירקונג פונ'ם פרעמדען=רעכט.

פגל. י. שערער, רעכטס-בעציהונגען פון די יודען אין די דייטש-עסטרייכישע מדינות I, ז. 63.

54) די איטאַליענישע יודען, וועלכע טרעטען אַרויס זינט דעם 7-טען יאָרהונ-דערט, ווייזען זיך אויסשליסליך בלויז אַלס האַנדעלס-פאַרמיטלער. דערפון, וואָס זינט דעם 7-טען יאָרהונדערט שווייגען די קוועלען וועגען יידיש ערד-אייגענטום קאָן מען שווערליך דרינגען, אַז די פריהערדיגע צושטאַנדען האָ-בען אויך ווייטער געדויערט.

55) לעקס וויזיגאָטאָריום XII, קאַפּ. 2, § 18. פגל. גרעץ: די וועסטגאָטישע געזעצגעבונג בנוגע יודען, ז. 29.

56) אַז אין די עלטערע מאַרק-גענאָסענשאַפטען, וועגען וועלכע מען פלעגט אָנ-נעמען, אַז ביי זיי האָט עקזיסטירט אַ גלייכהייט פון די פאַרמעגענס און פונ'ם אייגענטום, זענען פאַקטיש אַפט פאַרגעקומען פאַרקויפונגען פון ערד, ווייזט זיך אַרויס פון די דאָקומענטען, וואָס זענען געבראַכט ביי אינאַמאַ-שטערנעג: דייטשעווירטשאַפטס-געשיכטע I, ז. 80, נאָטע 2.

57) דיאַקאָן, וויטאַ גרעגאָריאַ, 17.

58) גרעגאָר. אַפּפּ. IX, 36.

59) „ עפּיסטאָלע II, 10.

60) „ I, 45; III, 37; VI, 29; IX, 36.

61) „ IX, 36, פגל. גידעמאַן: געשיכטע פונ'ם ערציהונגס-וועזען און פון די קולטור פון די יודען אין איטאַליען, ווין 1884, ז. 29.

62) גרעגאָר. עפּיסטאָלע, IX, 38.

63) פגל. גרעץ, די וועסטגאָטישע געזעצגעבונג בנוגע יודען, ז. 12.

64) III און IV, קאָנציל אין אָרלעאַן, קאָנציל אין מאַקאָן.

65) גאָלדשמידט, געשיכטע פון די יודען אין ענגלאַנד ז. 1, 3.

66) און (67) פגל. אַראָניוס, רעגעסטען צו דער געשיכטע פון די יודען אין דער פרענקישער און אין דער דייטשער מלוכה ביז'ן יאָר 1273, בערלין 1902, נומער 45 (ביז'ן יאָר 581), 31 (ביז'ן יאָר 555).

68) גריענגאַר טיראָן, היסט'פראַנק, 4, 12.

69) דאָרטען 4, 35.

70) קאָנציל פון מאַקאָן 581; פגל. אַראָניוס, רעגעסטען... נר. 39.

71) אַראָניוס, רעגעסטען נר. 92 (צום יאָר 633).

72) שערער-באָיכאָרסט, צו דער געשיכטע פון די סיריער אין מערב (מיטטיי-לונגען פונ'ם אינסטיטוט פאַר עסטרייכישער געשיכטע-פאָרשונג II), ז' 544.

73) קיסעלבאך, באנג פונ'ם וועלט האנדעל, ז' 27.
74) העיד, געשיכטע פונ'ם אריענט-האנדעל אין מיטעלאלטער I, ז' 25.
75) שעפער-באיכארסט, צו דער געשיכטע פון די סירער ז' 521.
76) העיד, געשיכטע פונ'ם מזרח-האנדעל I, ז, 59.
77) דארטען, ז' 102.
78) מאמזען, רוימישע געשיכטע I, 221.
79) אראניוס, רעגעסטען נר. 98 צום יאר 828.
80) איבער דער בעדייטונג פון די ווערטער אין לודוויק דעם פרומענס פריוויליגיום 828 „פאקטיבוס נאסטרי פאלאטיא פידעליטער דעסערוויירע" פגלשטאבע: „די יודען אין דייטשלאנד אין דער צייט פון מיטלאלטער" ז' 198, נאטע 4.
81) אמולא „קאנטרא יודעאס" קאפ. 44.
82) אראניוס, רעגעסטען, נר. 98.
83) בוקע, Hist. Franciae scriptores ,VII ז' 704.
84) Capitulare de Judaeis 814; פא. אראניוס, נר. 76.
85) אגאבארד, De insolentia Judaeorun ;פגל. אראניוס, נר. 89 (צום יאר 826-27).
86) בוקע, די געשיכטע פון די גאליער VII, 480e.
87) פארפענטליסט איין א פראנצויזישע איבערזעצונג פונ'ם „זשורנאל אזיאטיק" 1865, 6, סעריע V, 512, 514; פגל. אויך העיד, געשיכטע פונ'ם מזרח-האנדעל; ז' 140 אראניוס, רעגעסטען... נר. 113.
88) פערץ, מאנום. גערמ. II, ז, 757; פגל. אראניוס... נר. 75.
89) אראניוס, רעגעסטען נר. 64 (צום יא 810).
90) דארטע, נר. 98.
91) וו. וואטענבאו, שקלאפענהאנדעל אין מיטעלאלטער (אינ'ם „אנצייגער דעם גערמאנישען מוזעומס" 1874;נר. 2 ז' 38).
92) אראניוס, נר. 83, צום יאר 825.
93) אגאבארד, דע אינסאלענציא יודעארום, קאפ. III, IV, VI. (826-827).
94) פגל. ערדענשוך-בריף פון לודוויק דעם פרומען פון יאר 825;—אראניוס, ד"ג, נר. 81, 82, 83.
95) אגאבארד, דע אינס. יוד.
96) דארטען; פגל. אויך אראקיוס נר. 90.
97) „ קאפ. IV.
98) פגל. זאמבארט, דער מאג. קאפיט. I קאפיטאל IX.
99) „ „ „ „ „ „ פגל. עדעלשטיין-ריבער, די יודען אין רוים I, 159.
100) פגל. בערלינער, די יודען אין רוים II, ז' 7.
101) אראניוס, רעגעסטען נר. 72.
102) פערץ, מאנום. גערמ. II ז, 707.

103) דאָרין, אויספאָרשונגען צו דער געשיכטע פון די סוחרים-גילדעס אין מי-טעלאַלטער (אין שמאָלערס שטאאטס און סאָצ. וויס. פאָרשונגען XII, 2), ז' 22, מאַכט אויפמערקזאם אויפ'ן פערגלייך פון די יודענשוץ-בריף מיט די צאָל גערמאַנישע רעכט און פון די פּריווילעגיעס פון די יודישע סוחרים דרינגט ער ארויס דאָס בעזונדערע רעכט פון די דייטשע סוחרים.

104) אראָניוס, רעגעסטען נר. 100.

105) מאַקסימיליאַן גומפּלאָוויטש, די ערשטע צייט פון דער יודישער רעליגיע אין פּוילען (פּויליש) ווארשאַ 1903, קאַפּ. II, ז' 6—12 קאַווקאַזיש-באַלטישער האנדעל אינ'ם פאָר-היסטאָרישען פּוילען.

106) געאָרג יאַקאָבס, דער צפון-באַלטישער האנדעל, ז' 27, שאַצט דעם סך-הכל פון די אָריענטאַלישע מטבעות, וועלכע האָבען געוואַנדערט קיין רוס-לאַנד און אין די באַלטישע לענדער אויף מיליאָנען.

107) העיד, געשיכטע פונ'ם טורח-האנדעל I, $^{71}/_{72}$.

108) מ. גומפּלאָוויטש, די ערשטע צייט פון דער יוד. רעל. אין פּוילען ז' 34, פגל. אויך אראָניוס, רעגעסטען... נר. 131 (פון יאָר 970).

109) דאָרטען, ז' 34.

110) פגל. דער בריף פון חסדאי אבן שפרות צו כאן יוסף—אין פראַנצויזישער איבערזעצונג ביי קאַרמאָלי Itinèraire de la Perre sainte בריסעל, 1847 ז' 35, 40, 67.

111) אראָניוס, רעגעסטען נר. 122.

112) " נר. 127.

113) " 137 אויף דער אריינגאַנגס-טיר פון דער קאַטעדראַלע אין גנע-זען איז בילדליך פאַרעשטעלט אַט דער מאָמענט לויט'ן לעבען פונ'ם הייליגען אדאַלבערט: פאָר'ן זיצענדען פירשט. קומט דער ביסקופ, בעטענדיג וועגען אויסלייז-געלט פאַר די געפאַנגענע, וואָס שטעהען הינטער אים. פגל. לעלעוועל, די גנעזענער קאַסטיאַל-טירען (פּויליש), שטערענבערג, די יודען אין פּוילען ז' 13.

114) אראָניוס: רעגעסטען, נר. 124 (צום יאָר 936).

115) ג. ב. דעפּינג, די יודען אין מיטעלאַלטער (איבערזעצט פונ'ם פראַנצוי-זישען) שטוטגאַרט ז' 35.

116) העיד, געשיכטע פונ'ם מזרח-האנדעל I, ז' 128.

117) יוסיפון 3c, 1d, ציטירט ביי פאָזעלשטיין, ביי יודען אין רוים I, ז. 148.

118) פגל. דעם בריף פון חסדאי ביי קאַרמאָלי, דערמאָהנט פריהער.

119) גרעץ, געשיכטע פון די יודען V, 398.

120) קאַרמאָלי, דערמאָנטע ווערק, ז' 37.

121) העיד, געשיכטע פונ'ם מזרח-האנדעל I, ז' 111.

122) וו. ראָשער, די יודען אין מיטעלאַלטער, בעטראַכט פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דער אַלגעמיינער האנדעלס-פּאָליטיק (אין „אַנזיכטען פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט לעהרע, II) ז' 324.

123) כאַרטא לודאָוויצי 920, ביי בוקע, די געשיכטע פון די גאַליעד IV, ז' 686 C.

# VI

124) אַראָניוס, רעגעסטען, נר. 129.

125) דאָרטען, נר. 129.

126) דאָרטען נר. 140.

127) מוראַטאָרי Antiquitates Italiae medii aevi I .899

128) י. שערער, די רעכטס-בעציהונגען פֿון די יודען אין די דייטש-עסטרייכישע לענדער. I, ז' $^{70}/_{71}$.

129) אַראָניוס, רעגעסטען נר. 168

130) ליבע, דאָס יודענטום אין דייטשער פֿאַרגאַנגענהייט, ז' 7.

131) רשי, פרדס י"ט, פֿגל. אַראָניוס, רעגעסטען נר. 149.

132) אַראָניוס, רעגעסטען נר. 162 (צום יאָר 1074). ביי פּריווילעגירונגען פֿון די יודישע סוחרים פֿון וואָרמס זיינען פֿאַר זיי בעשטעטיגט געוואָרען אויך דורך היינריך V. אַראָניוס 215.

133) שפּייער פּריווילעג. 1090—אַראָניוס נר. 170.

134) אַראָניוס, רעגעסטען צום יאָר 1057.

135) שפּייער פּריווילעג 1084.—אַראָניוס נר. 168.

136) פֿגל. עסלעי, ענגלישע ווירטשאַפֿטס-געשיכטע I, ז' 71.

137) פּיגאַנאָ, געשיכטע פֿון פֿראַנקרייכ'ס האַנדעל (פֿראַנצויזיש) I, 106.

138) כראָניקאַ פּאָלאָנס II, קאַפּ. I, ז' 9; פֿגל. אויך אַראָניוס נר. 169.

139) אַראָניוס, רעגעסטען צום יאָר 1009, נר. 141.

140) פּיגאַנאָ, דערמ. ווערק, I, 106. איבער געשעפֿטס-נסיעות פֿון לאָטרינגער און פֿראַנצויזישע יודען קיין איטאַליען. פֿגל. פֿאָגעלשטיין און ריגער, ביי יודען אין רוים I, ז' 212.

141) געאָרג שאַנץ, ענגלישע האַנדעלס-פּאָליטיק אין מיטעלאַלטער 1881 I ז' 548.

142) ר. מישל, געשיכטע פֿון באָרדאָ'ער האַנדעל (פֿראַנצויזיש) ז' 409, 446.

143) פֿגל. גרעץ, געשיכטע פֿון די יודען VI, נאָטע I, ז, 337.

144) ג. פֿאָן בעלאָוו, גרויס הענדלער און קלייגהענדלער אינ'ם דייטשען מיטעל-אַלטער (קאָנראַד'ס יאָהרביכער פֿאַר נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע 1900) ז' 4.

145) שטאָבע, די יודען פֿון דייטשלאַנד אין מיטעלאַלטער, ז' 104.

146) פֿגל. די לאַרטאַ יודעאָרום — האָט בעפֿרייט די יודישע הענדלער פֿונ'ם מיין-אָבצאָהל.

147) בוקע, XVII, c9.

150) פֿגל. אַראָניוס, רעגעסטען נר. a314.

151) מאַורער, שטאָדט-קאָנסטיטוציע אין דייטשלאַנד I, ז' 304.

152) שפּייער פּריווילעג, 1084 און 1090; דעסגליכען דאָס וואָרמסער פּריווילעג 1090; אין יאָר 1165 בלייבט ביי די וואָרמסער יודען דאָס רעכט פֿון טוישען געלד, חגם די מינצער האָבען בעהאַט דערויף אַ מאָנאָפּאָל; דאָס זעלבע אין רעגענסבורגער פּריווילעג 1182.

153) ווערען, געשיכטע פֿון די יודען אין קעלן, ז' 113.

154) הערמאַני, opusculum saa conversione ביי איגנע אַטראַ-טאַקיאַ לויט, באַנד 170, ז' 805 — קאַפּוט 2.

155) גידעמאַן, ערציהונגס-וועזען פון די יודען אין פראַנקרייך און אין דייטש-לאַנד, ז' 110.

156) אַראָניוס, רעגעסטען נר. 208 (צום יאָר 1100).

157) מסעות ר' בנימין מטודילה, אַרויסגעגעבען פון דר. גרינהוט, ירושלים 1903, ז, 96.

158) ה. פריס, מאָנומענטאַ הונגאַריע יודאאיקאַ (1904) נר. 4 און 5.

159) מאָנאַטשריפט פאַר יודיש. וויסען. אַרויסגעגעבען פון בראַן, יאָרגאַנג 1904, ז' 450.

160) גידעמאַן, ערציהונגס וועזען פון די יודען אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, ז' 110.

161) דאָרטען, ז' 110.

162) פגל. מאָנאַטשריפט פאַר יודיש. וויסענ. (בראַן), 1904, ז' 451.

163) י. שערער, די רעכטספערהעלטניסען פון די יודען אין די דייטש-עסט-רייכישע לענדער אין מיטעלאַלטער I, ז' 123 — 125.

164) שטערנבערג, יודען אין פוילען, ז' 15.

165) דאָרטען, ז' 21

167) כאַראַקטעריסטישער פאַר דעם איז, וואָס פון מיטען 12-טען יאָרהונדערט אָן ווערט דאָס נעהמען צינזען געוועהנליך בעצייכענט מיט'ן אויסדרוק „יודאאיזארע".

168) אַמיע, די פראַנצויזישע און לאָמבאַרדישע געלד=פּראַצענטניקעס פון מיטעל-אַלטער, בעמליך אין דער שוייץ, אין „אַרבייטער פאַר שווייצארישע גע-שיכטע", באַנד I ז' 183 (יאָרגבנג 1876).

169) אַראָניוס, רעגעסטען נר. II. פגל. אויך ר. העניגער, די יודען פון דייטש-לאַנד אין פריהערען מיטעלאַלטער, אין צייטשריפט פאַר יודישע געשיכטע, אַרויסגעגעבען פון גיינער, יאָרגאַנג I (1886).

170) אַראָניוס, ריגעסטען גר. 19.

171) דאָרטען, גר. 47.

172) ק, ביכער, די בעפעלקערונג פון פראַנקפורט ביים מאַין, 1886 ז' 590-591

173) אַראָניוס, ריגעסטען נר. 104.

174) פגל. דעפּינג, די יודען אין מיטעלאַלטער, ז' 100.

175) קאַראָ'ס מיינונג (קאַראָ: די ווירטשאַפטליכע טעטיגקייט פון די יודען אין מיטעלאַלטער, אין מאָנאַטשריפט פאַר יודיש וויסענ. אַרויסגעג. פון בראָן, יאָר-גאַנג 1904, ז' 582), אַז מיט'ן יודישען סחורות-האַנדעל איז כּסדר דאָס געלד-געשעפט געשטאַנען אין אַן ענגער פאַרבינדונג, איז אויך אַזוי ווייט נישט ריכטיג, אויף וויפיל דער שרייבער מישט צונויף דאָס געשעפט פון טוישען געלד, מיט'ן געשעפט פון באָרגען געלד.

176) פגל. אַראָניוס, רעגעסטען נר. 206, 227, 172 א. אַז. וו.

177) פגל. אַ. שולטע, געשיכטע פוג'ם מיטעלאַלטערליכען האַנדעל און קאָמוני-

קאַפּיטעל צווישען מערב-דייטשלאַנד און איטאַליען, באַנד I, בוך IV.

178) ח. זאָמבאַרט, דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם I, 268.

179) פגל. גרעץ, געשיכטע פון די יודען VI, ז. 89, 92

180) דאָרטען, באַנד VI, ז. 149.

181) נאָך קורץ פאַר׳ן יאָר 1492 זאָל אייראָפּע האָבען געהאַט נישט מער פון אַ מיליאַרד פראַנק מזומן-געלט. מעשעל, די וואַקלענישען אינ׳ם ווערט פון די איידעלע מעטאַלען.

182) ווילהעלם ראָשער, די יודען אין מיטעלאַלטער, בעטראַכט פונ׳ם שטאַנד-פונקט פון דער אַלגעמיינער האַנדעלס-פּאָליטיק (מיינונגען פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט-לעהרע II, 3-טע אויפלאַגע, ז. 385). דעמזעלבען געדאַנק געפינען מיר ביי ה. היינע: — „און דאָס וואָס היינטיגען טאָג ווערט בכלל אָנגערופען האַס פון פּראָלעטאַריער געגען די רייכע, האָט אַמאָל געהייסען האַס געגען די יודען“ (געשטענדניסע).

183) שרער, רעכטס-בעציהונגען פון די יודען אין די עסטרייך-אונגאַרישע לענדער, I, ז. 209. עאַסלעי, ענגלישע ווירטשאַפטס-געשיכטע I, 160.

187) דעפּינג, די יודען אין מיטעלאַלטער ז. 145.

188) דאָרטען, ז. 145.

189) פגל. בוקע XI, ז. 215א.

190) ברויעל, Nouvel examen de l’usage général des Juifs en France I, 578.

191) מוראַטאָרי, III Scriptores Ital.

192) ציטירט פון גהיראַדאַטשי ביי דעפּינג, די יודען אין מיטעלאַלטער, ז. 133)

193) כאָזאָס פון אַקווינאַ. פגל. אויך גידעמאַן, געשיכטע פונ׳ם ערציהונגס-וועזען ביי די יודען אין איטאַליען, ז. 89, נאָטע 3.

194) בנימין מטודילה, רייזעבעשרייבונגען (אַרויסגעגעבען פון דר. גרינהוט) ז. 5, 6, 7. פגל. אויך גידעמאַן, דערמ. ווערק, ז. 69. נאָטע V. (ז. 312).

195) שטאָבע, די יודען פון דייטשלאַנד אין מיטעלאַלטער, נאָטע 106 (ז. 204. י. שערער, רעכטס-בעציהונגען פון די יודען אין מיטעלאַלטער I, ז. 126.

196) אַראָניוס, רעגעסטען נר. 349.

197) דאָרטען, נר. 350.

198) העניגער, אפּער-דאָקומענטען פון דער לאָורענץ-פּאַראַפיע, ז. 237.

199) שטאָבע, די יודען פון דייטשלאַנד אין מיטעלאַלטער, ז. 118.

200) שפּייער-פּריווילעג 1090; פרידעריציאַנום 1244.

201) אינ׳ם בריוו פון פּעטער פון קלוני (1146) צום קעניג פון פראַנקרייך (בוקע XV, ז. 642) שטייט צווישען אַנדער, אַז יודען זענען נישט מחויב סיי אָפּצוגעבען געגנב׳עטע זאַכען, וואָס מען געפינט ביי זיי, סיי אָנצווייזען דעם גנב.

202) כאַרטאַ יודעאָרום אַנגליע אַרטיקעל 6.

203) שולחן ערוך ח״מ שנ״ו. פגל. פון 200—203 י. שערער ז. 201—204, אויך ראָשער ז. 332; שטאָבע ז. 120, 242.

204) אין אן ארדאנאנץ פון יאר 1218 האט פיליפ אויגוסט פארווערט צו נעמען אלס משכנות — אחוץ קירכען־כלים — אויך אייזערנע וואגעס־בעשלאגען פאר־בהמות און נישט־געדראשענע תבואה (לאריער Ordonnance des rois de France de la troisième acve) I, ז. 35—37.

205) גרעץ, געשיכטע פון די יודען II, 213.

206) גפרערער, גרעגאריוס VII און זיין בוך, I ז. 554.

207) אזוי האט צ. ב. דער מאנאך ראבערט בעצאלט אן ערך אין יאר 1071 פאר א קלויסטער־גוט 1000 פונט זילבער.

208) הערץ, מאגום. גערמ. XI, 502.

209) דארטען, VII, 274, 349.

210) קאסמאס, כראנ. בעמ. III, קאפ. 5.

211) פגל. אראניוס, רעגעסטען גר. 227.

212) דארטען נ. 214.

213) דארטען נר. 214.

214) גרעץ, געשיכטע פון די יודען VI, 62.

215) בוקע, IX, 115.

216) פאגעלשטיין־ריגער, די יודען אין רוים, I, ז. 212.

217) ריגאר, De gestis Philippi Augusti.

218) דעפינג, די יודען אין מיטעלאלטער, ז. 119.

219) בוקע, XIV, 642.

220) גאלדשמידט, די יודען אין ענגלאנד אין 11־טען און 12־טען יארהונדערט ז. 27.

221) שאיבלע, די יודען אין ענגלאנד (1890), ז. 12.

223) י. שערער, רעכטס־פארהעלטניסען פון יודען אין מיטעלאלטער, I, ז. 191.

224) וויענער, רעגעסטען צו דער געשיכטע פון די יודען אין דייטשלאנד, ז. 109.

225) אראניוס, רעגעסטען, 348.

226) גאלדשמידט, די יודען אין ענגלאנד, ז. 72.

227) דעפינג, די יודען אין מיטעלאלטער, ז. 149.

228) די יודען אין ענגלאנד, ז. 60.

229) גאלדשמידט, די יודען אין ענגלאנד ז. 53. י. שערער, רעכטס־פארהעלטנישען פון די יודען I, 278, 279. עסלעי, ענגלישע ווירטשאפטס־געשיכטע I, ז. 206, 230, נאטע 185. שאיבלע, די יודען אין ענגלאנד ז. 20, 82

230) בוקע, XI, 314.

231) דארטען XI, ז. 215.

232) ברוסעל I, 571, פגל. אויך שערער I, ז. 94.

233) ברוסעל, I, 578.

235) פריס, מאנומענטא הונגאריע יודאאיקא I, גר. 6.

(236 זאקשעווסקי, אפיס קיאווא ז. 314; פגל. שטערנבערג, די יודען אין פוי-לען, ז. 16.

(237 בוקע, XII, 215

(238 גרעץ, געשיכטע פון די יודען VI, ז. 149.

(239 שטאבע, די יודען אין דייטשלאנד אין דער צייט פון מיטעלאלטער, ז. 132—139.

(240 אראניוס, רעגעסטען נר. 47

(241 שטאבע, 132.

(242 פגל. קאנציליען-בעשלוסען אין קלערמאן 535, מאקאן 581, III. טאלע-דא 589, V. פאריז 614, רהיימס 624, IV. טאלעדא 653, VIII טאלעדא 653, XII. טאלעדא 681, מא 845, פאוויא 850, רוים 1078 אוויניאן 1209, XII. אלגעמיינער קאנציל אין לאטעראן 2215 א. אז. וו

(243 אין די וועסט- און אסט-גאטישע מלוכות זעגען די יודען אויסגעשלאסען געווען פונ'ם „האנאר מיליציע עט אדמיניסטראציאנס" (ברעוויארום אלאר-ריצי), דעסגלייכען אין דער מעראווינגישער מלוכה (כילדעבערטס עדיקט 581, קלאטארוס 614). מיט דער אנטוויקלונג פונ'ם פעאידאלען סיסטעם און די קריסטליך-גערמאנישע מדינות איז דאס אויסשליסען יודען, וואס בלויז יחידים פון זיי האבען געהאט ערד-נחלאות, פון אלע אמטען געווען א נאטירליכע קאנסעקווענץ פון דעם פעאדאלען מלוכה-סיסטעם.

(244 אראניוס, רעגעסטען נר. 31, 45.

(245 דארטען נר. 62.

(246 אמילא, קאנטרא יודעאס קאפ. 42.

(247 פגל. גרעץ, געשיכטע פון די יודען, באנד V און VI; י. בלאך, די יודען אין שפאניען.

(248 פגל.

(249 פגל. רבנו תם'ס בעמערקונג צו מסכתא ביצה דף ו' ע. א. גרעץ, געשיכטע פון די יודען VI באטע 7.

(250 גרעץ, געשיכטע פון די יודען VI, 142.

(251 עפיסטאלע. אינאקענטי III. בוך X.

(252 דארטען X, עפ. 69.

(253 אראניוס, רעגעסטען נר. 351.

(254 דארטען נר, 389. פגל. אויך שולטע, געשיכטע פונ'ם מערב-דייטשען האנדעל מיט איטאליען. I, 329.

(255 אפרים פון באן. מאנום. כראניקא IX, 85. פגל. אויך י. שערער, רעכטס-פארהעלטניסען פון די יודען I, ז' 121.

(256 מסעות ר' בנימין מטודילה, ז' 6.

(257 ה. גיסבויס, היסטאריא זשידוב I (זשידזי וו פאלסצע), ז' 27.

(258 ה. פריס, מאנומענטען הונגאריע יודאאיקא נר. 8.

(259 די בעשטימונגען פון טרירער קאנציל פון יאר 1227 האבען ווייזט אויס גישט געבראכט צו צועלכע גרויסע רעזולטאטען, אז עס זאל בערעכטיגט

זיין לאמפרעכטס עפּנאל (דייטשעס ווירטשאפטסלעבען אין מיטעלאלטער, ז 1435): „פון די דאזיגע פּאזיציעס האבען זיי קודם כל אין אנהויב פון 13-טען יארהונדערט פארלוירען די פּרנסה פון דאקטוירים".

260) איבער יודישע דאקטוירים אין דייטשלאנד ביז'ן סוף פון 12-טען יארהונדערט פגל. אראניוס, ריגעסטען נר. 10, 130, 151, 280. פגל. אויך שטאבע, יודען אין דייטשלאנד, נאטע 170.

261) מיגנע, פּאטראלאגיא, 129, 857. פגל. אויך אראניוס, רעגעסטען, נר. 76.

262) בוקע, IV, 624.

263) וואיץ, דייטשע פערפאסונגס-געשיכטע ז' 344.

464) בוקע, IX, ז' 480, 521, 555.

265) דעפּינג, די יודען אין מיטעלאלטער, ז' 61.

266 פגל. ארנאלד, געשיכטע פון יודענטום אין די דייטשע שטעדט, ז' 14.

267) דארטען.

268) אראניוס, רעגעסטען נר. 126.

269) דארטען נר. 135.

270) דארטען, פון יאר 981.

271) גאלדשמידט, די יודען אין ענגלאנד, ז' 4; שאיבלע, ביי יודען אין ענגלאנד, ז' 1.

272) אליהו רבא, פגל. פּאגעלשטיין=ריגער, די יודען אין רויםז, I, ז' 147.

274) פגל. גאלדשמידט, די יודען אין ענגלאנד, ז' 68.

275) דעפּינג, די יודען אין מיטעלאלטער, ז' 142.

276) מסעות בנימין מטובילה ז' 2.

277) פגל. וועגען בעשענקען מיט א גוט דעם קאמערקנעכט פריצעל (1356), וועלכען אייניגע שרייבער נעמען אן פאר א יוד שטאבעס אויספירונגען, די יודען פון דייטשלאנד אין דער צייט פון מיטעלאלטער ז' 277.

278) אראניוס, רעגעסטען נר. 360.

279) דארטען, נר. 361.

280) דארטען, נר. 362.

281) מאנומינטא באאיקא IV, 85. פגל. אראניוס, רעגעסטען נר. 336; שערער, רעכטס=פערהעלטניסען פון די יודען I, ז' 122.

282) מ. גומפלאוויטש, Początki religji żydowskiej w Polsce ז' 40, 42.

283) הערמיגאס עריס, מאקום. הונגאריע יודאליקא נר. 4.

284) ר. העניגער, קעלנער קופער=דאקומענטען פון 12-טען יארהונדערט. פגל. אין גייגערס צייטשריפט פאר יודישע געשיכטע I, ז' 66-80.

285) ראזינטאל, געשיכטע פון אייגענטום אין ווירצבורג, ז. 16, 18, 19.

286) פגל. אראניוס, רעגעסטען נר. 230; גייגערס צייטשריפט פאר יודישע געשיכטע I, 72, 73.

287) גייגערס צייטשריפט פאר יודישע געשיכטע I, ז' 77.

288) אראַגויס, רײַנעסטען נר. 217.

289) דאָרטען נר. 317.

290) דאָרטען נר. 326.

291) דאָרטען נר. 317.

292) דעפּינג, Reglements sur les artset metiers de Paris

293) יאַקאָב שטרידער, צו דער ענטשטייאונג פֿון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, לייפּציג 1905, ז' 65.

394) מסעות ר' בנימין מאדילה, ז' 5.

295) פֿגל. גרעץ, געשיכטע פֿון די יודען VI, ז' 239.

296) גפֿרערער, גרעגאָריוס VII, אין זיין בוך, VII, ז' 765.

297) שאיבלע, ביי יודען אין ענגלאַנד ז' 9.

298) דאָרטען.

299) שטובס, Seteet charters. I, ז' 205.

300) מאדאָקס, History and Antiquities of the Exchequer of the king of Englaise. I, 222,

301) גאָלדשמודט, די יודען אין ענגלאַנד ז' 65.

302) מאַדאָקס I, 222.

303) דאָרטען I, 23.

304) טאָווער, אנגליא יודאאיקא, 65.

305) פֿגל. קוועלען ביי גאָלדשמידט, די יודען אין ענגלאַנד, ז' 66.

306) דאָרטען.

307) גאָלדשמידט, ז' 73.

308) עשלעי, ענגלישע ווירטשאַפֿטסגעשיכטע I, ז' 206.

309) פֿגל. זאָמבארט, דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם, X, קאַפּ.

310) שאיבלע, די יודען אין ענגלאַנד, ז' 30.

311) די אויספּרעסונגען פֿון די ענגלישע יודען אין 13-טען יאָרהונדערט ווע־רען בטל ומבוטל, ווען מיר פֿערגלייכען זיי מיט די יודען-שטייערן אין 13-טען יאָרהונדערט: אין יאָר 1210 האָבען די יודען-שטייערן בעטראָפֿען 66.000 מאַרק; 1230 —15.000 מק; 1233 און 1236 —18.000 מק; 1241 און 1244 —20.000 מק; 1245 —60.000 מק; 1246 —10.000 מק; 1247 —5528 מק; 1249 —10.000 מק; 1251 —5000 מק; 1252—3501 מק; 1253—5000 מק; 1271—6000 מק; פֿון יאָר 1255 ביז 1273 האָט די קרוין בעהאַט הכנסה „דע עקסיטיבוס יודעאָרום“ 420.000 פֿונט.

312) פֿגל. גרעץ, געשיכטע פֿון די יודען VI, ז' 184, 185.

313) בוקע, XVII, 9, 10.

314) בוקע XVII, 6.

315) Historiae Radulfi ביי בוקע XIII, 204. פּונקט ווי אין ענג־לאַנד האָבען, ווייזט אויס, אויך אין פֿראַנקרייך די געלט-אויספּרעסונ ג־

גען ביי יודען דערגרייכט זייער קולמינאציאָנס-פּונקט ערשט אין 19-טען יאָרהונדערט. מיר דערמאָנען בלויז אָן די יודישע מתנות, וועלכע האָבען איינמאָל אין דער גראַפשאַפט שאַמפּאַניי בעטראָפען 25.000 פונט, אין פיליפּ דעם לאַנגענס גיטער — 150.000 פונט.

316) אראָגיוס, רעגעסטען צום יאָר 1084.

317) קוועלען צו דער געשיכטע פון די יודען אין דייטשלאַנד (1892), II, 48, 170.

318) אראָגיוס, רעגעסטען נר. 182.

319) דאָרטען, נר. 304.

320) דאָרטען, נר. 311.

321) דאָרטען, נר. 382.

322) קאָסמאַס, כראָניקאָן בעהמ. III, 57.

323) דאָרטען, III, קאַפּ. 5.

